א. טשעמעריסקי

# ציאניסטישע טרייבערייען

(ארטיקלען=זאמלונג)

פארלאג „שול און בוך", מאָסקווע, 1926

# פֿאָרוואָרט

זינט די אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן, זיינען פיל זאַכן דייטלעכער געוואָרן.

די ציאָניסטיש-„סאָציאַליסטישע" גרופּירונגען אַנטפּלעקן זיך אַלץ מער אַלס אַקטיווע סאָנים פון דער ראַטנמאַכט און פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. זיי פאַרלאָזן אַלץ מער די מאַסקע פון „יעווסעקן"-פיינט און פּראָקלאַמירן זיך אַלץ אָפּטער און אָפּענער אַלס פיינט פון דער קאָמפּאַרטיי בּיכלאַל.

זיי שטעלן אַלץ אָפּענער אַרויס די אַלגעמיינע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען.

זיי פילן זיך אַלץ מער אַלס אָרגאַנישער טייל פון אַלע קרעפטן, וואָס באַקעמפן די ראַטנמאַכט.

ניט נאָר אָביעקטיוו העלפן זיי דער קאָנטר-רעוואָלוציע, נאָר גאַנץ באַוואוסטזיניק שטרעבן זיי צוזאַמען מיט אַלע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע קרעפטן אַראָפּוואַרפן די ראַטנמאַכט. פאַר דער צייט האט זיך אַנטפּלעקט און אויסקריסטאַליזירט די פּרינציפּיעלע פּאָזיציע און פּראַקטישע שטעלונג צו דער ערד-איינאָרדענונג אין ראַטנפאַרבאַנד. אַף וויפל די ציאָניסטישע גרופּן האָבּן ניט דעם מוט אָרגאַניזירטערהייט אָפן אַרויסצוטרעטן קעגן דער ערד-איינאָרדענונג, באַהאַנדלען זיי די גאַנצע ערדאיינאָרדענונגס-ארבעט אַלס אַ צוגרייטונג צו פּאַלעסטינע, אַלס „האַכשאַראַ" אַף זייער לאָשן. ד. ה. אז די צענדליקער טויזנטער נייע אידישע פּויערים באַאַרבּעטן זייער ערד, בויען די ווירטשאַפט ניט קעדיי דאָ, אַפן אָרט, זיך איינפונדעווען אַף שטענדיק, נאָר קעדיי צוגרייטן זיך פאַרן אַריבּערפאָרן אין פּאַלעסטינע. פון דעם איז שוין געדרונגען

די ציאָניסטישע פּראַקטיק: צעלייגן די אידישע קאָלעקטיוון, אַראָפּ־רייסן דעם „געזעדר" און זיינע פאַרזאַמלונגען, שטערן אין דער רעגיסטראַציע און אין דער איבערוואַנדערונג א. א. וו.

פון דעם איז פאַרשטענדלעך דער קאַמף, וועלכן די ציאָ־ניסטן האָבן פאַרפירט קעגן דעם, אז אויסלאַנד זאָל שיקן געלט פאַר דער עדדאיינאָרדענונג. די ציאָניסטן האָט זיך איינגעגעבן דירעקט דורך זייערע ציאָניסטישע און פּאַלעסטינישע דעלעגאַציעס און אומדירעקט דערפירן די מעגלעכע הילף ביז צו אַ מינימום, און אַלס פּועל־יוצא פון די ציאָניסטישע טרייבערייען האָבן מיר אַף דעם לויפנדיקן יאָר געמוזט מער ווי אַף העלפט פאַרקלענערן די צאָל איבערוואַנדערער. איצטער איז דאָס שוין אַ פאַקט. און אויב מע וועט זיך דערמאָנען אין די קאַמפּאַניעס, וועלכע די ציאָ־ניסטן פירן קעגן דער אידישער שול פאַר אַ העברעאישער, זייער קאַמף קעגן אידיש ביכלאל, דאַן וועלן די בייגעלייגטע אַרטיקלען זיך אַרויסווייזן פאַרעלטערט.

אָבער: דער אויפשטייג פון אונזער ווירטשאַפט, די ברייטע און פרוכטבאַרע אַרבעט אַף אַלע געביטן פון לעבן פון די אידישע מאַסן: די עדדאיינאָרדענונג, דער וואוקס פון דער שול און אַנ־דערע צווייגן פון קולטור, די אידישע ראַטן, געריכטן א. א. וו., דער קאַמף פאַר רעוואָלוציאָנערער געזעצלעכקייט, דאָס אַריינגיין פון אידישער יוגנט אין די פאַבריקן, די באַדייטנדע פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די ברייטע אידישע מאַסן, — דאָס אַלץ בייט די שטימונג פון די ברייטע מאַסן, רייסט זיי אָפּ פון ציאָניסטישן וואָגן, מאַכט זיי ליכטיקער אין די אויגן. אין דער־זעלבער צייט ווערט אַלץ דייטלעכער, אז דער פּאַלעסטינע־בלאָף איז טאַקע ניט מער ווי אַן ענגלישער בלאָף, וועלכער ווערט אַלץ מער צעקלאַפּט דורך די צוריק אַנטלאָפענע פון דאָרטן. פאַר אונ־זערע אויגן האָט זיך אָפּגעשטעלט דער וואוקס פון די ציאָניס־טישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זייער יעניקע געצויגן פון שוועריקייטן אין אונזער בוי־אַרבעט.

און ניט נאָר אָפּגעשטעלט האָט זיך דער וואוקס פון די ציאָ־ניסטישע אָרגאַניזאַציעס, נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן איינגעטריקנט צו ווערן, זיי ווערן צעפאַלן, אינעווייניק טאָטשעט זיי אַ וואָרים:

דער וואָרים פון צווייפלען, פון ניטגלויבן, פון פאַרלאָרענער האָ-
פענונג.

דאָס זיינען די אייגנשאַפטן פון די ציאָניסטישע אָרגאַניזאַ-
ציעס אין געגעבענעם מאָמענט. אַרויסגעבנדיק די בייגעלייגטע
אַרטיקלען, וועלן מיר אויך ווייטער נאָכפאָלגן די ווייטערדיקע
עוואָלוציע פון די ציאָניסטן, העלפן זיי איינגעשרומפן און פאַר-
טריקנט ווערן און אָפּרייניקן דעם רעוואָלוציע-באָדן פון אַלע שע-
דיקער.

# ציאניזם איבערהויפּט

I

פאַראיאָרן, ווען ס'האט זיך ארויסגעוויזן די גרויסע אומגע-רעטעניש, האָבן מיר גלייך דערפילט, אַז דאָ וועט זיין ניט נאר אַן אָפּהאלט אין וואוקס פון אונזער ווירטשאפט, נאר אויך אַ פּאָליטישער קריזיס.

מיר האבן דאס פארויסגעזעען און אנגענומען אונזערע מיטלען:

פריער פאר אַלץ האבן מיר גענומען ראטעווען אונזער פעסטן טשערוואנעץ, ער זאל ניט אַראפּגעשווענקט ווערן דורך דער אומגערעטעניש.

גלייכצייטיק האבן מיר גענומען ראטעווען און פעסטיקן אונזער מלוכע-ביודזשעט. דאס האט ארויסגערופן אַ שטארקן דרוק אַף די שטייערן (נאַלאגן). מיר האבן געמוזט שטארקער קוועטשן אַף די שטייערן, ווייל מע האט באַדארפט שאַפן הילף פאר די קאַנטן, וועלכע האבן געליטן פון דער אומגערעטעניש.

דאס אלץ האט געבראכט דערצו, אַז צווישן די ברייטע שיכטן פון קליינבירגערטום האָט געמוזט וואקסן אַן אומצופרידנ-הייט.

שוין פאַראיארן אין מיטן זומער האט זיך אָנגעהויבן אַן אויפלעבונג צווישן די אימפּעריאליסטישע מעלוכעס און צווישן די רוסלענדישע ווייסגווארדייער און קאנטר-רעוואלוציאנערן.

זיי אלע האבן געריבן די הענט פאר נאכעס און האבן זיך גערייט אנווארימען זיך באַם פייער פון הונגער און אומצו-פרידנהייט. וואס גרעסער די אומגערעטעניש — אַלץ כוצפּעדי-

קער — די מעלוכעס, אַלץ פּרעכער די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אין אויסלאַנד און אינעווייניק.

צווישן אַלע אַנדערע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן באַ אונז אין לאַנד זיינען אויפגעשטאַנען טכיעסאַמייסים די ציאָניסטן.

די אומגערעטעניש, די שטייערן־פּאָליטיק, דער פעסטער קורס אַפן אַרבעטער און פּויער, דער דרוק אַפן נעפּמאַן און קליינבירגער, דאָס אַלץ האָט זיך שווער אָפּגערופן אַפן אידישן קליינבירגער, אַפן קליין שטעטעלע, אַפן קרעמער און קוסטאַר. די עקאָנאָמישע לאַגע פון גרויסע אידישע מאַסן איז אינדערעמעסן געוואָרן שווער.

אָבער דער קליינבירגער זעט פאַר זיך נאָר דעם פינאַנץ־ספּעקטאָר מיט דער מיליציע פון זיין שטעטל, מיטן שטייער־ליסט — און דאָס איז פאַר אים די גאַנצע סאָוועטן־מאַכט. זי קוועטשט אים, איטשע־מייערן און סאָלאָמאָן־אייזיקן.

און אונזער פּאָליטישער ספּעקולאַנט — די ציאָניסטן — האָבן גענומען אויסנוצן די שווערע לאַגע.

אונטערגעשטופּט פון דעם פעטווערנדיקן נעפּמאַן, וועלכער גיט געלט אַף פּאָליטישן קאַמף פאַר זיינע נעפּמאַנישע אינטערעסן, האָט דער ציאָניזם גענומען עקספּלואַטירן די שווערע לאַגע פון דער מעלוכע און העצן די אומצופרידענע טייקן פון דער באַפעלקערונג.

ניט אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג זיינען גלייך נאָכגיביק פאַר דער ציאָניסטישער ספּעקולאַציע. גרינגער פאַר אַלץ איז געווינען די קרעמער.

דער רייכערער און פאַרמעגלעכערער קרעמער שטיצט אַקטיוו מיט געלט די ציאָניסטישע ווי יעדע אַנדערע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע טרייבערייען.

ווען די סאָוועטן־מאַכט זאָל לאָזן אַרבעטן די אַנדערע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, לעמאַשל, די עסערן אָדער מענשעוויקעס, וואָלטן דיזעלבע מער פאַרמעגלעכע קרעמער געוויס געשטיצט זיי.

אָבער די אַלגעמיינע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָט די סאָוועטן־מאַכט אויסגעוואָרצלט, און צו די ציאָניסטן באַ-

ציט מען זיך געדולדיק. דערפאר זיינען די ציאניסטן פאר די נעפמאנער די איינציקע האלב-לעגאלע ארגאניזאציע.

פאר די ארימע קרעמער, וועלכע פארלירן יעדן באדן אונטער די פיס און זעען ניט קיין אויסוועג פאר זייער דאלעס, זיינען די ציאניסטן ווי געוואונשן.

מע האדעוועט דידאזיקע עלעמענטן מיט האפענונגען, אַז די קאמוניסטן וועלן ברעכן האלז און נאַקן, אַז די סאוועטן-מאכט וועט ניט אויסהאלטן. מע פאדערט ס א וו ע ט ן אָ ן ק א מ ו - נ י ס ט ן (פונקט דאסזעלבע פאדערן די מענשעוויקעס און קאנטררעוואלוציאנערן).

פאר די קליינע הענדלער פריידיקן די ציאניסטן, אַז אלע צארעס נעמען זיך ניט פון דער שווערער לאגע פון לאנד, ניט פון דער אומגערעטעניש.

ניין, די ציאניסטן שמועסן איין די פאראַרימטע קליינהענדלער, אַז זייער דאַלעס שטאַמט, ערשטנס, פון דער סאוועטן-מאכט, און צווייטנס — ווייל די סאוועטן-מאכט פירט אַן אנטיסעמיטישע פאליטיק (קעגן די אידן) און דערפאר דארף מען באקעמפן די סאוועטן-מאכט, און מ׳דארף פארן אין פאלעסטינע.

נאך אַ שיכט איז פאראן, אַף וועלכן די ציאניסטן פרואוון זיך אנשפארן, דאס איז ד י י ו ג נ ט. אין די קליינע שטעטלעך געפינט זיך די יוגנט אין אַ שווערער לאגע.

שווער איז אויך די לאגע פון דער דארפישער יוגנט — זי האט אויך ניט וואס צו טאן; דאס דארף טיילט יעדער יאר אויס 1½ מיליאן פרישע יוגנט, וואָס האט זיך ניט וואו אַהינצוטאָן. אבער די אידישע יוגנט פון שטעטל ווייס דערפון ניט. זי פילט נאר איר אייגענעם ווייטיק אין ליידיקגיין.

און דאָ קומען אָן די ציאָניסטן און טאַינען, אַז דאָס אַלץ איז בלויז אַ אידישע קרענק, ווייל די סאָוועטן-מאַכט איז קעגן דער אידישער יוגנט, אַז אַן אויסלייזונג איז מעגלעך בלויז אין פאַלעסטינע; דאָ אין „גאָלעס" דאַרף מען זיך נאָר גרייטן פאַר פאַלעסטינע; און גרייטן זיך קאָן מען נאָר, ווען די קאָמוניסטן וועלן ניט זיין אין די סאָוועטן, ווען באַ אונז וועט הערשן די בורזשואַזע פרייהייט.

אַזוי ווערט געבאָרן דער „העכאָלוץ" מיט דער „האכשארא",

די ציאָניסטן-סאָציאַליסטן מיט זייער פאָדערונג פון סאָוועטן אָן קאָמוניסטן, פון פרייהייט פאר די אַנדערע סאָציאַליסטישע פאַר-טייען — ד. ה. מענשעוויקעס, עסערן, א. אַז. וו.

אַף אַ טייל יוגנט-קינדער פון די רייכערע און אָרימערע קרעמער ווירקט די דאָזיקע ציאָניסטישע אַגיטאַציע. די יוגנט, וואס גייט אַרום ליידיק און האָט ניט וואס צו טאָן, איז גרייט צו גיין נאָך יעדערן, וואָס ווייזט אַ וועג, אַן אויסוועג. און ווען איר דוכט זיך, אַז די ציאָניסטן ווייזן אַן אויסוועג — איז גוט, גייט מען נאָך די ציאָניסטן.

— איר זאָגט „צוגרייטונג", „האַכשאראַ", פאַלעסטינע — גוט, זאָל זיין אַזוי. אין דער צייט פון צוגרייטונג וועט זיין אַר-בעט, מיר וועלן זיין פארנומען, איז גוט, און וואָס וועט זיין ווייטער — וועלן מיר זען.

אזוי אומגעפער טראַכט אַ טייל פון דער שטעטלדיקער יוגנט — די עמעס אָרימע יוגנט, וואס פאלט אַריין אין די ציאָ-ניסטישע נעצן.

אַנדערש טראַכט די רייכערע יוגנט, וועלכע געפינט זיך אין די „גימנאַזיעס", אין די הויכשולן („וואוזן") — פיל פון זיי זיינען באַוואוסטזיניקע פאַרשטייער פון זייערע נעפמאנישע על-טערן און באַקעמפן באוואוסטזיניק די סאָוועטן-מאַכט, באַנוצנדיק זיך מיטן מאַנטל פון ציאָניזם.

דער צוטריט צו דער יוגנט און קינדער ווערט פאַר די ציאָניסטן נאָך גרינגער אַדאַנק דעם, וואָס ניט דער קאָמיוג, ניט די פיאָנערן-אָרגאַניזאַציע קאָנען ניט אַריינעמען מיטאַמאָל די גאנ-צע יוגנט און אַלע קינדער.

אָט דערמיט באַנוצן זיך אויך די ציאָניסטן. קוקט אייך צו צו דער יוגנט און קינדער, וועלכע געפינען זיך אין די ציאָניס-טישע נעצן, רעדט מיט זיי, וועט איר אַף יעדן טריט און שריט הערן אַן ענטפער:

— די קאָמיוגיסטן און פיאָנערן האבן מיך ניט אַריינגענו-מען, טאָ וואָס האב איך געקאָנט טאָן? בין איך אַוועק צו די ציאָניסטן.

די ציאָניסטן האָבן זיך אויך געפרואווט צושאַרן צו די קוסטאַרן און האנטווערקער, וועלכע האָבן שטאַרק געליטן פון דער

אומגערעטעניש און פון שטייער-לאַסט. אַ שטיק צייט האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז די ציאָניסטן טאַפּן אָן אַ וועג צו זיי.

די ציאָניסטן האבן זיך גענומען טומלען אַרום די ליי- און שפּאָר-קאַסעס, אַרום די אַרטעלן א. אז. וו. אָבער צו זייער אומגליק האט זיך די לאַגע געביטן:

די שווערע צייט איז אַריבער, די ראַטנמאכט האט געקאָנט פארלייכטערן די שטייער-לאַסט, געבן פאַרשיידענע לגאָטעס די קוסטאַרן.

די קוסטאַרן האָבן דערזעען, אַז די סאָוועטן-מאַכט גייט אַף האַנאָכעס באַ דער ערשטער מעגלעכקייט, און די ציאָניסטישע מאַכערייען און פּרוּאוון צו ספּעקולירן אַף דיליידן פון די קוס-טאַרן ווערן אָפּגעוואָרפן — די קוסטאַרן און האנטווערקער ווערן קימאַט ריין פון ציאָניסטן.

— די ארבעטער-סוויווע איז אינגאנצן ריין פון ציאָניסטן — אהער קאָן די ציאָניסטישע קליפּע ניט צושטיין. צווישן די אַרבע-טער גייט דער פּראָצעס פון געזונט ווערן, דערפאר איז דאָ קיין אָרט פארן ציאָניזם ניטאָ.

די ציאָניסטישע אָרגאניזאציע לעבט און וואַקסט, ווי ס'וואקסט דער אָנגריף פון די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע, אינערלעכע און אויסערלעכע קויכעס קעגן דער סאָוועטן-מאכט.

קוקט אייך צו צו דער ארבעט פון די ציאָניסטן. מיר אַלע ווייסן, וואָס הייסט אומלעגאלע אָרגאניזאַציעס. מיר אַלע האבן געארבעט אומלעגאל אין אַלטן רוסלאנד.

אָבער קיינער פון אונז האט קיינמאָל ניט געכאָלעמט וועגן אַזאַ מין אַרבעט ווי די ציאָניסטישע, אונזערע פּראָפעסיאָנאלן (כאוויירים, וואס האבן זיך ספּעציעל פארנומען מיט פּארטיי-אַר-בעט) זיינען געווען געציילטע און מיר פלעגן צען מאָל אַ טאָג שטארבן פאר הונגער.

אָבער וואס פאר אַ ראַכוועס באַ די ציאָניסטן. אינם אָרימען שטעטל, וואו א גרויסער טייל באַפעלקערונג שטארבט פאר הונ-גער, אין אַזאַ שטעטל זיצן ציאָניסטישע פּראָפעסיאָנאלן, ניט איי-נער, נאָר עטלעכע, און באקומען געהאַלט 25 ר. א כוידעש.

פון וואַנען נעמט זיך דאס אלץ באַ זיי? וואס-זשע, די

אָרימע לייט גיבן זיי געלט, די ארבעטסלאָזע יוגנט און אָרימע קוסטארן גיבן זיי די לעצטע גראָשנס?

דער ענטפער איז פּאָשעט: דער אויפקומענדיקער נעפּמאַן שאַפט און האלט אויס זיין פּאָליטישע אַרמיי. דער אויסלענדישער קאפּיטאליסט, די אויסלענדישע בורזשואזיע האַלט אויך אויס די ציאָניסטישע אָרגאניזאציע מיט אַלע אירע אַגענטן, פּראָפעסיאָנאלן און איבעריקן קלאפּערגעצייג.

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, אַז די ציאָניסטן פירן אַ צווייענדיקע אַרבעט: אינעווייניק אין לאַנד אַף אָפּצושוואַכן די סאָוועטןמאַכט; די צווייטע אַרבעט—פאַר פּאַלעסטינע.

אין דער אינערלעכער אַרבעט, אין קאַמף קעגן דער סאָוועטן-מאַכט זוכט מען זיך פאַרבינדעטע, און מע געפינט זיי. ווער זשע זיינען די ציאָניסטישע פאַרבינדעטע?

געווג צו דערמאָנען דעם אָפּמאַך צווישן דעם ציאָניסטיש פירער מיט פעטליורען וועגן געמיינזאַמען קאַמף קעגן דער ראַטןמאַכט.

מיר זעען אַ פּרוּוו פון אַ צוזאַמענשלוס מיט די קרוויווישע סאָציאַלע און פּאָליטישע שיכטן פון דער ניט אידישער קאָנטררעוואָלוציע.

אויב פאַרן נעפּמאַן שפּילט די ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציע די ראָלע פון זיין פּאָליטישער פאַרטיי, איז פאַר די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס אין אויסלאַנד שפּילן די ציאָניסטן די ראָלע פון זייער אַגענטור.

קאָנקרעט, וועמעס אַגענטור?

באַם שליסן דעם ווערסאַלער „שאָלעם" (נאָך דער מילכאָמע, אין 1919) האָבן די אימפּעריאַליסטן גענומען טיילן פעלקער און לענדער.

צווישן דער אַנטאנטע, צווישן ענגלאנד און פראנקרייך, האָט זיך אָנגעהויבן א קאמף, ווער וואָסער פאָלק און לאנד זאָל באַהערשן. ענגלאנד איז געווען געצוואונגען איבערצולאָזן סיריע (א לאנד נעבן פּאלעסטינע) פאר פראנקרייך.

דערפאר האָט זי אָבער ארויסגערוקט די ציאָניסטן מיט א טאַינע, אז מע זאָל ענגלאנד געבן א מאנדאט אַף פּאלעסטינע, קעדיי צו שאפן דאָרט „א היים פארן אידישן פאָלק".

באקומענדיק דעם מאנדאט פון דער „פעלקער־ליגע", האָבן די ענגלענדער פריער פאר אלץ געדארפט אונטערדריקן די אָרטי־קע אראבישע באפעלקערונג, מאכן זי אונטערטעניק.

צוליב דעם האָט מען באנוצט די ציאָניסטן, זיי זאָלן באַקעמפן די אראבישע באפעלקערונג, די ציאָניסטן זאָלן צונע־מען בא די אראבער די ערד, דאָס פאָטערלאנד; זיי, די ציאָניסטן, זאָלן צוציען צו זיך די סינע פון די אראבער, וועל־כע וועלן דאן זעען אין די ענגלענדער זייער אויסלייזער פון דער אידישער ציאָניסטישער אָקופאציע. פון דעם נעמט זיך דער „אי־דישער" קאמיסאר סאמועל, פון דעם נעמען זיך די פאגראמען אף אידן, און די באגרעניצונג פון דער אידישער עמיגראציע אין פא־לעסטינע, און דאָס באשטימען א נייעם קאמיסאר אנשטאט סאמו־עלן באלד נאכן עפענען די יעשיווע אין פאלעסטינע.

אָבער ענגלישע אינטערעסן זיינען פאראן ניט נאָר אין פא־לעסטינע, נאָר איבער דער גאנצער וועלט. דערפאר איז פאר־שטענדלעך, אז די ציאָניסטן אלס ענגלאנדס אַגענטור ארבעטן אומעטומי און ערשט האָבן מיר א שפּאָגל־נייעם און פרישן ביישפּיל: ווען ענג־לאנד דארף איצט פארשטארקן פוילן קעגן דעם ראטנפארבאנד, שליסן די ציאָניסטן אן אָפּמאך מיט דער פוילישער רעגירונג און העלפן איר צו קריגן א האלוואָע אין אמעריקע. די ציאָניסטן זיי־נען געווען און געבליבן די אגענטור פון ענגלאנד, און מיט דעם זיינען די ציאָניסטן באזונדערס געפערלעך פארן ראטנ־פארבאנד.

די לעצטע צייט, ווען ענגלאנד האָט זיך אָנגעהויבן צו כאנ־פענען צו די אראבער און זיך אָנגעהויבן אויסדרייען צו די ציאָ־ניסטן מיטן רוקן, האָבן א טייל ציאָניסטן געפּרואווט שאפן פאר זיך א פראנצויזישע אָריענטאציע, זיך פארבינדן מיטן פראנצויזישן אימפעריאליזם.

פון דעם נעמט זיך די קאָנפערענץ פון דער ציאָניסטישער אָפּאָזיציע אין פאריז אונטער דער אָנפירונג פון זשאבאטינסקי. די אָפּאָזיציע קעגן ענגלאנד איז אויסגערעכנט אף מיטהילף פון פראנק־רייך, וועלכע ציטערט, אז ענגלאנד זאָל זי ניט פארטרייבן פון סיריע.

אזוי ארום פּרואווט א טייל ציאָניסטן אנטאפּן די מעגלעכ-קייט צו זיין פראנקרייכס אגענטור.

II

דער קאמף פון די ציאָניסטן פאר פאלעסטינע פירט זיך שוין צענדליקער יאָרן. דער קאַמף איז א צווייאיקער: דער קאמף צו געווינען די אידישע מאסן און די הישטאדלעס פאר הילף מיצאד די אימפּעריאליסטישע מעלוכעס צו פארכאַפּן פאלעסטינע.

ווי אזוי זשע האָט מען עס באקומען פאלעסטינע? אנדערש גערעדט, ווי אזוי איז פאָרגעקומען די אונטערדריקונג פון די אראבער און דאָס אָפּנארן די אידישע פאָלקסמאסן?

אף צוויי וועגן איז געגאנגען דאָס אָפּנעמען די ערד בא די אראבער:

אפּן ניט ציאָניסטישן וועג, אָן געפּילדער, האָט די „יעקא" (אידישע קאָלאָניזאציאָנס-געזעלשאפט) פון פאריז—דער באראָן ראָטשילד און אנדערע אידישע קאפּיטאליסטן אָפּגע-קויפט שטיקער ערד און אוועקגעזעצט אידישע קאָלאָניסטן.

די „יעקא" און די אנדערע פראנצויזיש-אידישע קאפּיטאליסטן האָבן געטראכט אזוי ארום צו פארפעסטיקן די פראנצויזישע ווירקונג אין פאלעסטינע, ביכלאל אפּן נאָענטן מיזרעך. פונקט אזוי האָט דער דייטשישער הילפס-פאריין געהאט בעדייע אף דעם זעלבן וועג צו פארפעסטיקן די דייטשישע פּאָליטישע ווירקונג.

אָבער דאָך איז עס ניט געווען קיין אָפענער קאמף קעגן די אראבער. ס'האָט ניט געוועקט קיין סינע צו אידן מיצאד די אראבער.

גאָר אַנדערש איז מיטן פּאָליטישן ציאָניזם: ער האָט אָנגעהויבן צו פאָרבינדן זיך מיט ווילהעלם דעם צווייטן אין דייטשלאַנד, מיטן סולטאַן אַבדול-האַמיד אין טערקיי, מיטן רוימישן פּאַפּסט, מיט פּלעווע—דעם רוסישן צאַרס מיניסטער דעם פּאָ-גראָמשטשיק.

דעם אידישן פאָלק האָט מען צוגעזאָגט אַ אידישע מעלו-

כע, וועלכע וועט פולקום לייזן די אידן-פראגע, ראטעוועו אלע אידן, שאפן פאר אלעמען א נארמאל לעבן.

צוליב דעם האט מען געקלאפט אין די פושקעס, געצאפט געלט פון די אידישע מאסן, באקעמפט די אידישע רעוואלוציא-נערן, וועלכע האבן געוואלט אפן ארט, אין „גאלעס", אויסקעמפן פאר די מאסן א מענטשלעך לעבן.

און דער רעזולטאט? די ציאניסטן האבן זיך פארדונגען אין דער ענגלישער ארמיי, צוגעשטעלט פאר איר קאנאנען-פלייש פון אידישער יוגנט, געהאלפן ענגלאנד פארכאפן פאלעסטינע, ארויס-גערופן סינע, האס און אנטיסעמיטיזם פון דער אראבישער באפעל-קערונג פונם גאנצן נאענטן מיזרעך. געשטעלט אין געפאר אפילע די אלטע אידישע קאלאניעס, וועלכע זיינען געשאפן געווארן דורך „יעקא", ראטשילד און אנדערע.

און ערשט בא דעם אלעמען, נאך די קאלאסאלע קאפיטאלן און פארשווענדעטע געלט-מיטלען, האבן מיר אין פאלעסטינע ארום 25 טויזנט אידישע ערד-ארבעטער.

דער בארג—די ציאניסטישע פוסטע פאס—האט געבארן א קליין און מעשוגע-פארסאמט מייזל.

די ציאניסטן אליין גלויבן שוין ניט, אז פאלעסטינע וועט אריינעמען די אידישע מאסן—ראטעוועו דאס פאלק, לייזן די אי-דישע פראגע, ניין, אין דעם גלויבן זיי שוין ניט. אבער צופיל האבן זיי זיך פארבונדן מיט דער אוואנטיורע, זיי קאנען שוין ניט כאפן צוריק.

פעסט און געטריי, האגאם מיט ציין-קריצעריי וועלן זיי די-נען דעם ענגלישן אימפעריאליזם—טאמער וועט ער דאך זיי אי-בערגעבן א שטיקעלע מאכט אין פאלעסטינע.

א טייל וועט זוכן אויסנוצן דעם קאמף צווישן ענגלאנד און פראנקרייך—טאמער וועט פראנקרייך העלפן.

וועט ענגלאנד בלייבן בא דער מאכט,—וועט זי קיינעם ניט צולאזן צו דער מאכט אין פאלעסטינע, פונקט ווי אין אנדערע קאלאניעס. וועט ענגלאנד פאלן און די אראבער וועלן זיך בא-פרייען—וועלן זיי צעברעכן די ביינער די ציאניסטן.

און דאן וועט אונז קאמוניסטן-יעווסעקן אויסקומען צו רא-

טעוּוען די אידישע באַפעלקערונג פון פאַלעסטינע, אַרויסשליידע-רנדיק אין „רויטן" יאם די ציאָניסטישע שווינדלער.

פון דעם איז שוין פארשטענדלעך, פאַרוואָס די סאָוועטנ-מאכט, די קאָמוניסטן זיינען אזוי פיינטלעך צו די ציאָניסטן.

דער קאמף פון די ציאָניסטן צו געווינען די אידישע מאסן פירט זיך ניט אונטער דער פאָן פון פאַלעסטינע, נאָר צוליב דעם קאמף פון געוויסע סאָציאַלע גרופּן קעגן אונזער מאכט.

מע דאַרף זיך ניט לאָזן נאַרן דורך אזעלכע דערשיינונגען, ווי די עמיגראַציע קיין פאַלעסטינע. מע דאַרף ניט פארגעסן, אז פאַר דער מילכאָמע איז פון רוסלאַנד געגאַנגען א גראַנדיעזע עמיגראַציע אין אויסלאַנד, דעריקער אין אמעריקע. איז די גרויסע עמיגראַציע אָפּגעשטעלט, ווייל אמעריקע לאָזט ניט אריין. דער-פאַר איז פארשטענדלעך, אז א קליינער טייל פון די, וואָס האָבן געדאַרפט פאָרן, פאָרט אין פאַלעסטינע, טיילווייז - ווייל פון דאָרט איז גרינגער אריינצופאָרן אין אמעריקע. קעדיי אריינפאָרן אין אמעריקע, איז מען געפאָרן אין מעקסיקע—לאָזט מען אָבער דורך מעקסיקע ניט דורך, און מע פּרואווט דורך פאַלעסטינע אין אמעריקע.

אף צו געווינען די מאסן איז איצטער פאַלעסטינע שוין ניט קיין שטארק געצייג אין די הענט פון די ציאָניסטן. ניין, זיי נע-מען זיך אָרגאניזירן די אָפּאָזיציאָנעלע קאָנטר-רעוואָ-לוציאָנערע שטימונגען און גרופּירונגען.

## III

אַלס מאסן-באַוועגונג איז דער ציאָניזם אויפגעקומען אין צאַרישן רוסלאַנד באַ דער שרעקלעכער אונטערדריקונג און רעכט-לאָזיקייט פון די אידישע מאַסן, נאָך די שרעקלעכסטע פּאָגראָ-מען. די באַוועגונג איז אויפגעקומען, ווי אַן אויסדריק פון פאַר-צווייפלונג, פון ניט גלויבן אין דער מעגלעכקייט צו דערשלאָגן זיך א מענטשלעכן לעבן צווישן און צוזאַמען מיט די איבעריקע פעלקער.

מע האָט אינגאַנצן געלייקנט די מעגלעכקייט עטוואָס צו

דערשלאָגן זיך אין „גאָלעס“ און מע האָט געשטרעבט צו ווענדן
אלע האָפענונגען פון די פאָלקסמאַסן אַף פאַלעסטינע. פאַר דער
בורזשואזיע איז עס געווען א גוט מיטל אָפּצואווענדן פון זיך די
אַקטיווקייט פון די מאַסן, ווענדנדיק זי אַף פוסטע כאלוימעס און
פאַלעסטינישע ווינטמילן. פונקט אזוי ווי די זעלבסטהערשונג האָט
געשטרעבט אָפּוווענדן פון זיך דעם צארן פון פאָלק דורך אי-
דישע פּאָגראָמען, פונקט אזוי האָט די אידישע בורזשואזיע
געפרואווט אָפּציען אן א זייט די אקטיווקייט און דעם ווילן פון
די אידישע פאָלקסמאַסן.

אָבער וואָס מער ס׳האָט זיך פאַרשטאַרקט די רעוואלוציאָ-
נער-סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן די אידישע מאַסן, איז גע-
וואקסן דער געמיינזאַמער קאמף פון אידישע מיט ניט אידישע
אַרבעטער, און דער קאַמף האָט אַלץ מער אָנגעהויבן צו באַרירן
די באַלעבאַטים. און וואָס מער ס׳האָט זיך אין די אידישע מאַסן
געשטאַרקט דער גלויבן און ווילן צו דערקעמפן זיך א מענטש-
לעך לעבן דאָ אַפן אָרט, האָט זיך אין די ציאָניסטישע רייען
פאַרשטאַרקט דער באַוואוסטזיין, אַז מיט הוילן אָפּלייקענען דעם
גאָלעס, מיט ראַק רופן אין פאַלעסטינע, אַז מיט דעם אליין וועט
מען פארלירן די פאַרפירטע און אָפּגענאַרטע מאַסן.

די ציאָניסטן האָבן אָנערקענט די נויטיקייט פון פּראַקטישע
אַרבעט דאָ, אין גאָלעס, זיי האָבן געמוזט אויסאַרבעטן זייער
געגנווארט-פּראָגראַם (ארבעט אין די „גאָלעס“-לענדער).

ווען די ציאָניסטן זיינען געווען געצוואונגען ארויסצורוקן
אַ פּראָגראַם פון געגנווארט-אַרבעט אין גאָלעס, אַפן אָרט, האָבן
זיי געמוזט זיך באַשליסן, מיט וואָסערע טיילן פון דער אידישער
באַפעלקערונג גייען זיי צוזאַמען, וועמעס פאָדערונגען האַלטן זיי
אונטער. האָט מען אָנגעהויבן אויסטיילן אף רעכטס פּראַקציעס,
וועלכע זאָלן דערנעענטערן די קלייקוידעש און קלעריקאַלן, די
ראַבאָנים, ראַבייאים, כסידים; מע האָט געשלאָסן א בונד מיטן
שטריימל, מיט די שומריי-שאַבעס, מיטן פינסטערן קלעריקאליזם.

אַף לינקס האָט מען אָנגעהויבן אויסצוטיילן פּועליי-ציאָ-
ניסטישע, ציאָניסטיש-סאָציאַליסטישע, צעאירײ-ציאָניסטישע פּראַק-
ציעס. די אויפגאַבע פון דידאָזיקע פּראַקציעס איז געווען אריינ-
מישן זיך אינם שטורעמדיקן קלאַסנקאַמף אלס קלוימערשטע פריינט

פון די קעמפנדע ארבעטנדיקע און דערוואַקסענע, אז דערדאָזיקער קאַמף איז בלויז א קלייניקייט, ער קאָן געבן א קליינע פאַרבע-סערונג, אָבער ער קאָן ניט אינגאַנצן פאַרבעסערן דאָס לעבן, אז אָן פּאַלעסטינע קאָן מען ניט אויסקומען.

מע האָט אויסגעקלערט טעאָריעס, אז אין „גאָלעס" קאָנען די אידן ניט האָבן קיין געזונטע פּויערים- און ארבעטער-קלאַסן— דאס האָט געדאַרפט אָפּשוואַכן די קראַפט פון קלאַסנקאַמף, דעם ווילן און גלויבן אין זיג, אָפּשוואַכן דעם געמיינזאַמען קאַמף אין די רייען פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, פארשטאַרקן די נאַציאָנאַלע אַכדעס מיט דער אידישער בורזשואזיע.

ביסלעכווייז האָבן אַלע ציאָניסטישע גרופּן אָנגעהויבן פאָ-דערן „נאַציאָנאַלע פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע" אין אלע געביטן פון געזעלשאפטלעכן לעבן; אויב מע קאָן ניט אָפּשטעלן דעם קלאַסנ-קאַמף פאר א גוט לעבן אין גאָלעס, טאָ לאָמיר אָפּשוואכן דעם קלאסנקאַמף דורך אויסטיילן די אידישע מאַסן פון די איבעריקע ניט אידישע—אָט צוליב דעם זיינען אַלע ציאָניסטישע גרופּן ביס-לעכווייז געקומען צו דער פאָדערונג פון אַווטאָנאָמיע.

אין אַזעלכע לענדער, ווי ליטע, פּוילן, א. א. וו., ווילן די ציאָניסטן איינפירן די אַווטאָנאָמיע דורך די קעהילעס, וועלכע ווערן געקליבן דורך די פּאַרמעגלעכע עלעמענטן, וועלכע דאַרפן באַ-נייען דעם כיידער, די ציצעס, די מיקווע, קאָשער, מאַצעס, דעם ראָוו, דעם שאַבעס און דעם גאַבע מיטן שאַמעש, די יעשיווע און אלס צוגאָב: א נעדאָווע, א העקדעש א. אז. וו.

דאָס אַלץ אפן כעשבן פון ספּעציעלע שטייערן אַף דער אידישער באַפעלקערונג, מיט דער קאַראבקע און נאָך אזעלכע זאַכן.

בא אונז אין סאָוועטן-לאַנד טראָגט די אַרבעט פון די ציאָ-ניסטישע גרופּן אַביסל אַן אַנדער כאַראַקטער. דאָ רוקן זיי ארויס זייער לינקע האַנט, די צעאירעי-ציאָן, יוגנט-ציאָניסטן, פּויאַליי-ציאָן א. אז. וו.

די געגנוואַרט-אַרבעט פון די ציאָניסטן, ד. ה. די אַרבעט אין די „גאָלעס-לענדער, האָט דעם ציל צוגרייטן די מעגלעכקייט אַף צו דערגרייכן דעם הויפּט-ציל זייערן—אַ אידישע מעלוכע אין פּאַלעסטינע.

פון דעם איז געדרונגען, אז פאר די ציאָניסטן איז שעדלעך אלץ, וואָס מאכט די אידישע מאַסן פאר עמעסע בירגער פון די „גאָלעס"-לענדער. פאר זיי איז שעדלעך אלץ, וואָס פאַרוואנדלט די „גאָלעס"-לענדער פאַרן עמעסן פאָטערלאַנד פון די אידישע מאַסן.

ווייל אויב די אידישע מאַסן וועלן זיין ווירקלעך פולבאַרעכטיקט אין די „גאָלעס"-לענדער; אויב זיי וועלן ווירקלעך קאָנען קעמפן פאַר זייערע אינטערעסן, פונקט ווי אלע איבעריקע בירגער; אויב סאי מאטעריעל, סאי קולטורעל וועלן די אידישע מאַסן זיך ניט פילן פאַרפרעמדט; אויב זיי וועלן ניט זיין אָפגעטיילט פון דער איבעריקער באפעלקערונג מיט א כינעזישער וואנט, נאָר זיי וועלן בילדן אַן אָרגאַנישן טייל אינם אלגעמיינעם ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן געוועב פונם לאַנד, אויב ס'וועט אַזוי זיין—

דאַן וועט דאָך זיין אויס „גאָלעס", דאַן וועלן דאָך די מאַסן ניט דאַרפן פאַלעסטינע, דאַן וועלן די מאַסן דעם גאַנצן ברען פון זייער קולטור, די גאַנצע ענערגיע פון זייערע לייבער אָפגעבן זייער ווירקלעכן פאָטערלאַנד, און ניט באשעפטיקן זיך מיט פאַלעסטינישע כאַלוימעס.

דערפאַר באקעמפן די ציאָניסטן אזוי שטאַרק די קאָמוניסטישע פאַרטייען, וועלכע זעען פאַר די אידישע מאַסן אין אלע לענדער נאָר איין וועג:

אין די רייען פונם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס און ארימען פויערטום, צוזאַמען מיט די אונטערדריקטע פעלקער אויסקעמפן א סאָוועטנמאַכט. בא דער סאָוועטנמאכט וועט מעגלעך זיין א ווירקלעכער אָרגאַנישער אנטייל אינם אלגעמיינעם ווירטשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן, ניט פאַרלירנדיק דערביי דעם אייגענעם פאָנים.

דערפאַר באַקעמפן די ציאָניסטן די שטרעבונגען פון די קאָמוניסטן אויפצובליען די קולטור פון די אידישע מאסן אַפן מאטעריאל פון היינטיקן לעבן און קאמף, ניט אַפן מאטעריאַל פון די אלטע דוירעס, אף כומעש, געמאָרע, טאלמוד און אנדערע „הייליקע" ספאָרים.

דערפאר באקעמפן די ציאָניסטן דעם ווילן פון די קאָמו-

ניסטן אויסנוצן די שפּראך פון די אידישע מאסן, „אידיש, אלס ווערקצייג אינם קאמף פאר ווירקלעכער גלייכבארעכטיקונג, אלס מיטל צו צופּאסן דעם מעלוכע-און קולטור-אפּאראט צו די באדערפענישן פון די אידישע מאסן.

פאַרקערט, זיי זיינען פאַראינטערעסירט, אז די מאסן זאָלן זיין וואָס מער פאַרפרעמדט פון דער מעלוכע. פון די אנדערע פעלקער, פון דער אלגעמיינער קולטור פון לאנד, אז די אידישע מאסן זאָלן זיך פילן דאָ פרעמד, ניט פעאיק באשטיין זייער שטעטל, און זאָלן לעכצן נאָך „ציון".

זיי ווייסן, אז מיט העברעאיש וועלן די אידישע מאסן ניט קאָנען זיין אקטיוו, ניט קאָנען אריינדרינגען אין מעלוכע-אפּאראט, ניט קאָנען ווערן אן ארגאנישער טייל פונם מעלוכע-ארגאניזם—און אָט דאָס דארפן זיי.

ווייל וואָס פאסיווער די מאַסע, וואָס פרעמדער פונם ארום, וואס אָנמעכטיקער און שוואכער זי פילט זיך, אלץ שטארקער ווירקט דער גיפט פון „פּאַלעסטינע"—נארקאטיק, אלץ גרעסער איז די ווירקונג פון די ציאָניסטישע רעדל-פירער.

אין קאמף קעגן אקטיוויזירן די אידישע מאסן אין אידיש, קעגן זייער איינלעבן זיך אין זייער פּאָטערלאנד, גייען די ציאָניסטן, אלע זייערע גרופּן האנט בא האנט מיט אלע קעגנער פון אידיש.

העברעאיש אדער רוסיש—דאָס איז זייער לאָזונג.

דערפאר באקעמפן זיי אין פּוילישן און ליטווישן סיים אידיש, דערפאר זעען מיר, אז, לעמאָשל, בא אונז אין סאָוועטןפאַרבאנד פירן אלע ציאָניסטישע גרופּן זייער ארבעט ניט אף אידיש.

די פראגע וועגן אידיש איז בא אונז קאָמוניסטן א פראגע וועגן דער מעגלעכקייט פאר די אידישע פּאָלקסמאסן צו קעמפן פאר זייערע רעכט און אינטערעסן, צו צווינגען די מעלוכע זיי אלזייטיק צו באדינען.

דער איקער קאמף פון די ציאָניסטן אין זייער געגנווארטסארבעט ווערט געפירט ארום דער פראגע, ווי אזוי אָרגאניזירן די אידישע מאסן?

ס'פּאַרשטייט זיך, ביז וואַנען מע האָט געהאָפּט, אז די אידישע מאַסן וועלן ניט אַרויסווייזן קיין אַקטיווקייט און וועלן מיט

פאַרגלאָצטע אויגן וואַרטן ביז דער ציאָניסטישער מאַשיעך וועט זיי אַרויספירן פון די גאָלעס-לענדער אין פאַלעסטינע („לעשאָנאָ האַבאָ ביערושאלאאים"), ביז די ציאָניסטן האָבן אזוי געגלויבט, האָבן זיי ניט אַנערקענט קיין געגנוואַרטס-אַרבעט, וועלכע לייקנט אָפּ דעם גאָלעס און די פאַלעסטינע.

אָבער פאַלעסטינע איז ווייט, און די מאַסן וואַרטן ניט, זיי קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן, און קעדיי זיי זאָלן ניט גיין אונטער דער פאָן פון קאָמוניזם, מוז מען זיך נעמען פאר געגנוואַרטס-אַרבעט, אָבער דערפאַר דאַרף עס זיין אַזאַ געגנ-וואַרטס-אַרבעט, וועלכע זאָל וואָס לענגער און טי-פער איינהאַלטן די פאַרפרעמדקייט און די גאָלעס-פּסיכאָלאָגיע.

דערפאַר אַנערקענען אַלע ציאָניסטישע גרופּן, פון די אַל-געמיינע ציאָניסטן ביז די יעקאָפיסטן-פּויאַליי-ציאָן, אַז די אַרבעט אין די גאָלעס-לענדער מוז געפירט ווערן... אָבער דידאָזיקע אַר-בעט איז באַ זיי אַ פּאַליאַטיוו, אַ צייטווייליקער מיטל, אַ צוגריי-טונג צו פאַלעסטינע (האַכשאַראַ) — די גאַנצע אידן-פראַגע קאָן געלייזט ווערן נאָר אין פאַלעסטינע.

אַלע ציאָניסטישע גרופּן אַנערקענען, אַז די אידן אינם „גאָלעס"-לאַנד דאַרפן זיין אויסגעטיילט אין אַ באַזונדערע מעלו-כישע אָרגאַניזאַציע — אינם גאַנצן לאַנד.

דער אונטערשייד צווישן דידאָזיקע ציאָניסטישע גרופּן איז בלויז דער, וואָס די יעקאפּיסטן-פּויאַליי-ציאָן אַנערקענען מיטן מויל די סאָוועטן-מאַכט און דיקטאטור פון פּראָלעטאריאַט, נאָר ניט דיקטאטור פון פּראָלעטאריאַט אַלס סאָציאַלן קלאַס אי-בער דער בורזשואַזיע אַלס צווייטן סאָציאַלן קלאַס. זיי ווילן די דיקטאטור פונם אידישן פּראָלעטאריאַט איבער דער אידישער בורזשואַזיע, ווייל זיי האַלטן פון אַן איי-גענער אידישער עקאָנאָמיק, אַ באַזונדערע פון דער אַלגעמיינער לאַנד-עקאָנאָמיק.

אָבער די איבעריקע ציאָניסטישע גרופּן האַלטן אויך פון אַן אייגענער אידישער עקאָנאָמיק, זיי זיינען אָבער קעגן סאָוועטן-מאַכט, קעגן דיקטאטור פון פּראָלעטאריאַט, אפילע פונם אידישן פּראָלעטאריאַט איבער דער אידישער בורזשואַזיע.

דידאָזיקע ציאָניסטישע גרופּן פאָדערן, פּונקט ווי אלע בּור-זשואזע גרופּן פון אלע פעלקער „דעמאָקראטישע גלייכ-בּארעכטיקונג" פונם בורזשוי מיטן ארבעטער, פונם נאָגיד מיטן אָרימאַן. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אז אזא גלייכבארעכטיקונג איז אומעגלעך, ווייל בּא א פּאָרמעלער גלייכבארעכטיקונג וועט דער בּייטל שטענדיק האלטן דעם טייטל, און דער ארבעטער מיטן ארימאַן וועלן זיין אונטערדריקט.

צוליב דעמדאזיקן אונטערשייד פאדערן די יעקאפּיסטן אי-דישע ארבּעטער-סאוועטן. די ציאָניסטיש-סאציאליסטישע גרופּן פאדערן אידישע דעמאָקראטישע נאציאנאלע פארזאמלונגען, און די אלגעמיינע ציאניסטן וואלטן געוואלט א אידישע קעהילע מיט א וואאד פון די קעהילעס.

ס'זיינען, פארשטייט זיך, פאראן נאך אונטערשיידן צווישן דידאזיקע ציאניסטישע גרופּן. אזוי, לעמאשל, זיינען איינע פאר א וועלטלעכער קעהילע און נאציאנאלער פארזאמלונג, אנדערע— פאר וועלטלעך-רעליגיעזע א. א. וו.

אבער דער גרונט-כילעק צווישן די אלע ציאניסטישע גרופּן פון די אלגעמיינע ביז די יעקאפּיסטן, פּויאלײ-ציאניסטן איז אין אנגעוויזענעם.

וואס פאראייניקט זיי אלעמען, פון די אלגעמיינע און די ציאניסטן-סאציאליסטן, ביז די יעקאפּיסטן, פּויאלײ-ציאניסטן?

פאראייניקט דער גלויבן, אז בלויז אין פּאלעסטינע קאָן געלייזט ווערן די אידן-פראגע, אז דא בא אונז בלייבט גאלעס, פרעמד-קייט, עמיגראציע א. א. וו.

אז דא איז די ארבעט א פּאליאטיוו, א האלב-מיטל און אז דא דארף מען ארבעטן בלויז אף צוגרייטן די אויסלייזונג אין פּא-לעסטינע.

אז די אידישע מאסן לעבן מיט אַן אייגענער עקאנאמיק, און זיי וועלן זייערע אינטערעסן קענען פארטיידיקן ניט דורכן ארגאנישן אנטייל אינם גאנצן לעבן, ניט דורך דעם, וואס זייערע אינטערעסן וועלן זיין א טייל פון די אלגעמיינע אינטערעסן פונם גאנצן לאנד, און וועלן פארטיידיקט ווערן פונם גאנצן מעלוכע-אפּאראט.

ניין. זיי אלע רעכענען, אז די אידן דארפן זיך אויסטיילן אין א באזונדערער מעלוכע-ארגאניזאציע, וועלכע זאל ארומכאפן די אידן פונם גאנצן לאנד, ווי די נאציאנאל-פערסאנאלע אווטאנאמיע.

אַף וויפל די ציאָניסטישע גרופן, צ. ב., ס, ס. א. א. ו. קעמפן קעגן דער סאָוועטן-מאַכט, קעגן דער דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט, פאר בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, פאַר דער אַלגעמיינער און נאַציאָנאַלער „גרינדולקע" („אוטשרעדילקע"), אַף אַזויפיל באַקעמפן מיר זיי מיט דיזעלבע מיטלען, ווי אַלע אַנדערע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן.

פאַר דער רעוואָלוציע איז אַלץ איינס, צי דער קאָנטר-רעוואָלוציאָנער איז אַ געמאַלטער, אָדער ניט.

אַף וויפל מיר האָבן צו טאָן מיט דער ציאָניסטישער געגנוואַרטס-פראָגראַם אין דער פאָרם פון נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע סאַי אין דער פאָרם פון דער קעהילע, נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, סאַי די פויאַליי-ציאָניסטישע אידישע אַרבעטער-טאָוועטן — אַף אַזויפיל שטעלן מיר זיי אַנטקעגן די אַרבעט פון די קאָמוניסטן, וועלכע פאַרייניקן די אידישע מאַסן מיט די איבעריקע מאַסן פון לאַנד און שטעלן צו דינסט פון די אידישע מאַסן די גאַנצע מאַכט פון דער מעלוכע מיט דער 140-מיליאָניקער באַפעלקערונג.

וואָסער אויסזעען דאַרף האָבן די מעלוכע, לויט די פאָדערונגען פון די ציאָניסטן און ציאָניסטן-סאָציאַליסטן — האָבן מיר שוין געזעען אין די קעהילעס, אין דער ליטווישער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע און אז. וו. אינטערעסאַנטער איז, וואָסער אויסזעען דארף האָבן אונזער סאָוועטן-מאַכט לויט די פאָדערונגען פון די יעקאפיסטן—פויאַליי-ציאָניסטן, ווען זייערע פאָדערונגען זאָלן גאַפרידיקט ווערן.

צוליב דעם איז וויכטיק צו פאַרגלייכן די פראַקטישע פאָדערונגען פון די קאָמוניסטן, פון איין זייט, מיט דעם, ווי ס'וואָלט געדאַרפט זיין לויט די פאָדערונגען פון די יעקאפיסטן.

דאָס איז שוין אַ טעמע פאַר זיך.

אווגוסט—סענטיאבר 1925, פעווראל 1926.

## צעאיריי־ציאָן ביפראט

I

וואָס ווייטער ווערט אַלץ דייטלעכער, אַז די נייע עקאָנאָ-מישע פּאָליטיק איז ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט פון אונזערע סאָנים. זיי האָבן ביטמימעס גערעכנט, אז דאָס איז אונזער קאַפּיטולאַציע פאַרן קאַפּיטאַליזם, און די אידישע בורזשואזיע האָט דערביי גע-וואונשן נאָר איין זאַך: זאָל דער באַנקראָט פון דער ראַטנמאַכט דורך דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פּאָרקומען פּאַמעלעך, אַף טאָרמאזן, ס'זאָל כאָלילע ניט שאָטן. און מיר זיינען געווען איי-דעס, ווי די קליינבירגער זיינען געוואָרן הייסע אנהענגער פון דער „נייער" ראַטנמאַכט מיטן פרייען האַנדל.

אַנדערש איז איצט, ווען די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק קערט זיך אום צו דער בורזשואזיע מיטן פּאָנים פון מעלוכע-קאַ-פּיטאַליזם, וואָס האָט זיך שוין פאַרפעסטיקט אַף די הויפּט-פּאָזי-ציעס פון דער ווירטשאַפט, און הייבט אָן צוריק אָפּצונעמען די פּאָזיציעס, וואָס זיינען אין דער ערשטער צייט פון „נעפּ" פאַר-כאַפּט געוואָרן דורכן פּריוואַטן קאַפּיטאַל. דאָ הייבט זיך אָן אַ וואַ-יצאָקו. ס'אָרגאַניזירט זיך אַ ווידערשטאַנד, אַ קאָנטער-אַטאַקע קעגן דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט אַזוי אָפּגענאַרט אירע סאָנים.

אין דער אידישער סוויווע באַמערקן מיר די לעצטע צייט אַן אויפלעבונג פון די אידישע קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, וועלכע פּרואוון ווערן אַ צענטער פאַר דער אָרטיקער קאָנטער-רע-וואָלוציע.

אַפן ערשטן פּלאַן דאַרף מען שטעלן די קאָנטער-רעוואָלו-

ציאָנערע אַרבעט פון די צעאירײ-ציאָן, אָדער װי זײ נאָרן דעם אוילאם מיט זײער נײעם נאָמען — ציאָניסטן-סאָציאַליסטן, אַ נאָמען צוגעגאַנװעט פון דער אָמאָליקער פּאַרטײ, װאָס אירע בעסטע טײלן זײנען שוין לאַנג אין דער ר. ק. פּ.

די צעאירײ-ציאָן האָבן אָפּגעװאָרט אַף דעם מאָמענט, װען די גאַנצע אַלװעלטלעכע קאָנטער-רעװאָלוציע קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך פאַרשטאַרקט:

די אַנטאַנט אָרגאַניזירט אין גרוזיע און אין אַנדערע ערטער דעם אויפשטאַנד, פּוילן שיקט צו אונז באַנדעס, אין לאַנד לעבן מיר איבער אַ טײלװײזע אומגערעטעניש. דער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל גיסט פעסער שמוץ, האַקלאַל, אַ שװערער מאָמענט, װען קעגן דער רעװאָלוציע מאָבילִיזירט זיך די גאַנצע קאָנטער-רעװאָלוציע,—אָט דעם מאָמענט האָבן די צעאירײ-ציאָן אויסגעקליבן אַף צו פאַרשטאַרקן דעם אָנפאַל קעגן דער ראַטנמאַכט.

װאו אָרגאַניזירט זי דעם קאָנטער-רעװאָלוציאָנערן אָנפאַל? אַף די גרעניצן פון ראַטן-אוקראינע, אין פּאָדאָליע, װאָלינער און אַנדערע גובערניעס, דאָרטן װאו ס׳איז נעענטער צו דער פּוילישער, רומענישער און אנדערע אויסלענדישע קאָנטער-רעװאָלוציאָנערע קויכעס, װאו מע קען בעסער מיטהעלפן די אַנטאַנטישע גענעראַל-שטאַבן מיט זײערע באַנדעס דורך אויפטרײסלונגען און אויפהעצונגען קעגן דער ראַטנמאַכט. אָט דאָ אין די גובערניעס און אין דער צײט, װען פון יענער זײט גרעניץ קומען צו אונז באַנדעס און ס׳װערט אָרגאַניזירט שפּיאָנאַזש, — אין דערזעלבער צײט העצן די צעאירײ-ציאָן קעגן דער ראַטנמאַכט, פאַרשפּרײטן בלעטלעך מיט דיזעלבע ליגנס און זילזולים, װי די קאָנטער-רעװאָלוציאָנערע פּרעסע אַף יענער זײט גרעניץ, זײ װענדן זיך מיט אויפרופן צו די רוסישע, פּוילישע און אוקראינישע קלײנבירגער און באַלעגופים, װילן אַף אַזאַ אופן אײנשטעלן אײן אַנטי-סאָװעטישן פראָנט. די צעאירײ-ציאָניקעס פּרואװן אין דעם קאָנטער-רעװאָלוציאָנערן אַנטי-סאָװעטישן פראָנט אַרײנציען די פּאַראָרימטע אידישע קוסטאַרן, באַלמעלאָכעס און אַנדערע אומפּאַרמעגלעכע עלעמענטן.

די צעאירײ-ציאָן באַנוצן זיך מיט דער שװערער לאַגע, קעדײ אײנשמועסן די קוסטאַרן און האַנטװערקער, אז די ראַטנ-

מאַכט איז קעגן זיי, אז די ראַטנמאַכט איז אַנטיסעמיטיש, אַז זי איז קעגן אידן. יעדן טראָט פון דער ראַטנמאַכט טייטשט מען אויס ווי אַנטיסעמיטיזם. דער שמוץ און בילבל, וואָס שטראָמט פון דער שוואַרצסטער רעאַקציאָנערער בורזשואזער פרעסע, טריפט פון די צעאיריי-ציאָניסטישע בלעטלעך.

מע פאַרשווייגט דעם געוואַלדיק גרויסן אָנטייל פון אידן אינם מעלוכע-אַפּאַראַט, אין די העכערע בילדונגס-אַנשטאַלטן, — וואו אין דער וועלט איז פאַראַן עטוואָס ענלעכעס? און ווען מע טרעט צו צום אָפּרייניקן די אַנשטאַלטן פון פרעמדע עלעמענטן, און צווישן זיי פאַלן אַריין אויך אידישע זיידענע יונגעלייטלעך און באַלעבאַטישע מאמזעלן, טייטלט מען מיט די פינגער: אָט נעמט — מע וואַרפט אַרויס „אכיינו בניי ישראָעל".

מע פאַרשווייגט די קאָלאָסאַלע נעץ בילדונג- און קולטור-אַנשטאַלטן פון אַלע מאַדרייגעס, די גאַנצע דערציערישע און פּע-דאַגאָגישע אַרבעט, וואָס שטייט ניט אָפּ פון דער אַלגעמיינער אַרבעט. מע פאַרשווייגט, אז ס'איז פאַר דער צייט פאַקטיש באַ-שאַפן געוואָרן און אויסגעוואַקסן די אידישע שול, אין וועלכער ס'לערנען זיך 40 פראָצענט פון אלע אידישע קינדער, וואָס לער-נען זיך איבערהויפּט... מע פאַרשווייגט די אַלע עלעמענטן פון מע-לוכישקייט, וואָס זיינען אריינגעפירט אין אידישן לעבן אין אַזאַ גראַד, ווי אין ערגעץ אף דער וועלט ניט: די קאָמיסיעס באַ די אויספירקאָמען, די סעקציעס באַ די בילדונג-אָפּטיילן, דער געריכט אף אידיש און אז. וו.

מיט ציינקריצעניש פאַרשווייגט מען די גראַנדיעזע אַרבעט פון ערדאיינאָרדענונג אין אַ פויערשן לאַנד, וואו עס קומט פאַר אַן אָנגעשטרענגטער קאַמף פאַר ערד, וואו הונדערטער טויזנטער דויעסדיקע פויערים מוזן אויסוואַנדערן אין די ווייטע געגנטן נאָך ערד, — אין אזא לאַנד נעמט די ראַטנמאַכט און טרעט צו צום איינאָרדענען אף ערד-אַרבעט די שטאָטישע אידישע באפעלקערונג גראַדע אין די געגנטן, וואו ס'איז אם שאַרפסטן דער קאַמף פאר ערד: אין אוקראַינע, קרים, ווייסרוסלאַנד.

וועגן דעם מאַכן די צעאיריי-ציאָן א שווייג, מע העצט קעגן דער ראַטנמאַכט, מע העלפט דער אויסלענדישער און אינלענדי-שער קאָנטר-רעוואָלוציע אָפּצושוואַכן דעם צוטרוי פון די מאסן צו

דער ראטנמאכט, מע גרייט א באָדן פאר דער קאָנטער-רעוואָלוציע.

די קוסטארן, די האנטווערקער, די קאָלאָניסטן — זיי דאַרפן זיך היטן ארייננפאלן אין דער נעץ פון דער קאָנטער-רעוואָלוציע, אין וועלכער עס נאַרט זיי די צעאירריי-ציאָן.

און איצט וועלן מיר א קוק טאָן, מיט וואָסערע פאָדערונגען טרעט ארויס די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע צעאירריי-ציאָן, וואָס מיינען זיי, וואָס זאָגן זיי צו, מיט וועלכן האָניק-לעקעך ווילן זיי מיטשלעפן די אָרימע מאסן צום פארבאנד מיט דער פעטליוריאדע, צום קאמף קעגן דער ראטנמאכט.

II

מיט וואָסערע פאָדערונגען טרעטן ארויס די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע צעאירריי-ציאָן? באַ זיי זיינען פאַראַן פאָדערונגען, וועלכע מע באַהאַלט דערווייל פאַר זיך, אין רעזאָלוציעס, און אנדערע, מיט וועלכע מע טרעט ארויס, אין בלעטלעך.

צווישן די פאָדערונגען, וועגן וועלכע מע רעדט דערווייל אין רעזאָלוציעס און מע פאַרשוויגט זיי דערווייל פאַר די מאַסן, איז פאַראַן אָט וואָס:

„געבן דעם פריוואַטן קאַפּיטאַל די פאַקטישע מעגלעכקייטן אָנטייל צו נעמען אין דער אינדוסטריעלער אויפלעבונג פונם לאַנד". דערביי ווערט צוגעגעבן, אז דאָס דארף פאָרקומען ניט דורך דענאַציאָנאַליזאַציע, נאָר דורך אָרענדעס, קאָנצעסיעס א. אז. וו. דאָ אין דער פאָדערונג טרעטן די צעאירריי-ציאָן אַרויס אַלס דירעקטע אַגענטן פונם אויסלענדישן גרויס-קאַפּיטאַל, פון די גרויסע ענגליש-אידישע באַנקירן און קאַפּיטאַליסטן, פון די אַמעריקאַנישע און דייטשישע פינאַנסיסטן. וואָס פאָדערן דען די קאַפּיטאַליסטן? זיי פאָדערן דען דענאַציאָנאַליזאַציע? אָפן רעדט מען שוין וועגן אזעלכע זאַכן ניט,—מע האָט דערעכערעך פאַר... דער רויטער אַרמיי. נאָר מע פאָדערט „פאַקטישע מעגלעכקייט". אף דעם באָדן קומט פאָר דער קאַמף אין ענגלאַנד, אף דעם באָרן קעמפט מען אין דייטשלאַנד קעגן ראַפּאַלער אָפּמאַך, צוליב דעם קעמפט די בורזשואַזיע קעגן דער מאָנאָפּאָל אָפן זאגיסערלעכן האַנדל. די צעאירריי-ציאָן זיינען די-

רעקטע אַגענטן פון דער קעמפנדיקער בורזשואַ־זיע, פון דער קעמפנדיקער פינאַנץ-פּלוטאָ־קראַטיע.

ווייטער גייט די פאָדערונג וועגן „דעמאָקראַטיזירן" דעם ראַטן־רעזשים און וועגן לעגאַליזירן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, ד. ה. די מענשעוויקעס, עסערן, די אוקראַינישע עסערן און סאָצ.-דעמאָקראַטן מיט פּעטליורען און אַנדערע (זיי זיינען דאָך „סאָציאַליסטן"). אַז מע וועט צו דעם צוגעבן די אָנערקע־נונג און אַגיטאַציע פאַרן 2-טן אינטערנאַציאָנאַל און דעם קאַמף קעגן קאָמינטערן, און דעם לאָזונג „אַראָפּ מיט דער אידסעקציע", ד. ה. מיט דער קאָמפּאַרטיי, דאַן באַקומט זיך דאָס באַקאַנטע בילד פון... „קראָנשטאַטער אויפשטאַנד". וואָס איז דען פאַרגעקומען אין קראָנשטאַט? מע האָט געפאָדערט דעמאָ־קראַטישע „פרייע" ראַטן (קעגן ראַטן האָבן שוין אַלע מוירע אַרויסצוטרעטן), אָן קאָמוניסטן, מיט פרייהייט פאַר אַלע סאָצ. פּאַרטייען.

פאַרוואָס האָבן די עסערן און די קאַדעטן אונטערשטיצט דעם קראָנשטאַט־אויפשטאַנד? ווייל דער קלוגער מיליוקאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען עס זאָל זיך נאָר איינגעבן אָפּצושוואַכן די באָלשעוויקעס און אַריינפירן אין דער ראַטן־פעסטונג די סאָציאַ־ליסטישע פערד און אייזלען, וועט די זאַך פון דער קאָנטער-רע־וואָלוציע זיין געוואונען. און דאָסזעלבע מיינען די צעאירײ-ציאָן. קעדיי צו פאַרווירקלעכן דעם ערשטן לאָזונג—געבן דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל „פּאַקטישע מעגלעכקייטן",—שטרעבן זיי אַריינפירן אין דער ראַטן-פעסטונג די סאָציאַליסטישע אַגענטן פון דער בורזשואַ־זיע, אַראָפּוואַרפן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פון זיין פּאַרטיי. אויך דאָ זיינען די צעאירײ-ציאָן דירעקטע אַגענטן פון די קאַפּיטאַליסטן און פינאַנץ־פּלוטאָקראַטיע.

אין די אויפרופן טרעט מען ניט אַרויס אָפן קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נאָר... קעגן דער אידסעקציע—אַזאַ דערעך האָבן שוין די ציאָניסטן.

פאַרוואָס זיי האָבן פיינט די אידסעקציע סינאַס מאָוועס— ווייסן מיר: פאַרן פאַרטרייבן דעם מעלאַמעד מיטן קאַנטשיק, מיטן טייטל; פאַרן ניצאָכן איבערן ציאָניסטישן שווינדל, פאַרן ניצאָכן

איבערן קלעריקאַליזם און פאַרן קאַמף קעגן די רעליגיעזע אבערגלויבן, פארן באַפרייען די מאַסן פון אונטערן יאָך פונם גערערזינקאָווער און אנדערע ראַבייאים; פאַר דעם, וואָס די שפּראַך פון די אידישע מאַסן—אידיש—ווערט אַ פּאָליטישער קויעך, ווערט אַ מעלוכע-שפּראַך; פאַר דעם, וואָס שאַפנדיק מעלוכע-איינריכטונגען אין אידיש דאָ אין לאַנד, ברענגען מיר צו באַנקראָט די ציאָניסטיש-פּאַלעסטינישע כאַלוימעס. און דער איקער: מיר צעשמעטערן די אידישע בורזשואזיע סאי אין לאַנד, סאַי מיר ברענגען העזעק די אויסלענדישע יאַהודים. עס איז פאַראַן פאַרוואָס פיינט צו האָבן די יעווסעקן. היינט די אידישע שול, דאָס אריבערפירן אף ערד-אַרבעט—א סאַקאָנע פאַרן נאַציאָנאַל-פאָנד, פאַרן קערן האיעסאָד, פאר ערעץ-יסראָעל. און גראָד דאַן, ווען די יעווסעקן שאַפן אין ווייסרוסלאַנד און אין אוקראינע דאַרפישע און שטעטלדיקע ראַטן אף אידיש, ווען עס ווערט פארגרעסערט דער שעטעך פון אידישער ערד-אַרבעט, און מיר גייען אנטקעגן אַ צייט, ווען מיר וועלן קאנען שאפן גרעסערע טעריטאָריאל-אדמיניסטראַטיווע איינהייטן אף אידיש,—גראָד אין דער צייט קומען קאסרילעווקער העלדן מיט אַ לאָזונג וועגן אידישע ראַטן. פּ אַ ר-ש פּ ע ט י ק ט!

וואָס די אידסעקציע האָט צעשטערט,—וועגן דעם וויינען און דארפן קלאָגן די ציאָניסטן, די קאַפּיטאליסטן, די ראבאָנים אין שטריימלעך. וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן ווייסן אלע: לויט דער נעץ בילדונגס-אגשטאלטן זיינען מיר אין לאנד איינע פון די רייכסטע צווישן די נאַצמינדערהייטן.

און וועגן דער פארבינדונג מיט די מאַסן. די צעאירייציאָן טאינען, אז די אידסעקן האָבן דערשטיקט די אקטיווקייט פון די מאַסן, אָבער ווען און אין וועלכן לאנד זיינען פאַראַן אַזאַ קאָלאָסאַלע צאָל אומפּאַרטייאישע קאָנפערענצן פון אַרבעטער, אַרבעטערינס, קאָלאָניסטן, קוסטאַרן א. אז. וו. ווי בא אונז, צווישן די אידישע מאַסן? דורך דידאָזיקע קאָנפערענצן זיינען דורכגעגאַנגען פיל, פיל הונדערטער, טויזנטער אידישע פּראָלעטאריער און אַרבעטנדיקע. און טאקע דאָס הארגעט אַוועק די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן, ווייל ווען די צעאיריי-ציאָן, ציאָניסטן, פּויאליי ציאָן און אנדערע שוואַרץ-געל געפּאַרבטע קליינבירגער,

ווען זיי זאָלן האָבן אַ וועלכע עס איז ווירקונג אין די אידישע מאַסן,—פאַר וואָס האָבן זיי דידאָזיקע כעוורע ניט געשיקט אַף די קאָנפערענצן? די וואָלן זיינען דאָך פאָרגעקומען אין די אונטער־נעמונגען!

אף די אַרבעטער האָבן די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע פאַר-טייען פאַרלאָרן יעדע האָפענונג. זיי האָפן אָפּצונאַרן די קוסטאַרן און האַנטווערקער. זיי, די צעאירײ-ציאָן, פארקריכן אין די אר-טעלן—העט ווייט פונם ארבעטער און פראָפּאַריין; דריגנען אַריין אין די ליי-און שפּאָר-קאָסעס,—דאָרט, וואו מע קאָן אויסנוצן די מאַכט לעטויוועס די מער רייכערע קעגן די אָרימערע; זיי פּרואוון זיך ארײנכאַפּן אונטער דער מאַסקע פון אומפּאַרטייאישע אין די פּאַרוואַלטונגען פון פאַרשיידענע לעגאַלע אינסטיטוציעס, שאַפנ-דיק דאָרט זייערע קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע קעמערלעך. זיי ווילן אויסנוצן קעגן דער ראַטנמאַכט די לעגאלע מעגלעכקייטן, קעדיי אויפצורייסן די ראַטנמאַכט! אָבער אויך דאָ וועט די ציאָניסטישע קאָנטער-רעוואָלוציע כאַפּן די מאַפּאָלע.

די קוסטאַרן און באַלמעלאָכעס וועלן זיך ניט לאָזן אָפּרייסן פונם ארבעטער און פון דער ראַטנמאַכט. צווישן די קוסטאַרן און באַלמעלאָכעס געפינען זיך פיל געוועזענע ארבעטער, מיטגלידער פון פראָפּאַריינען, פיל געוועזענע רויטארמייער! זיי פאַרשטייען און ווייסן, פאַרוואָס דער וואוקס פון אונזערווירטשאַפט גייט ניט אזוי שנעל, אז די אינדוסטריע זאָל באַלד קאָנען ארײנציען אלע פרייע אַרבעטס-הענט, וואָס ציען זיך פון דאָרף און פון שטעטל. זיי ווייסן, אז דערצו וועט דאָך קומען, אז די מעלוכע-אינדוסטריע וועט דאָך ארײנציען אלץ מער. און אז די ראטנ-מאַכט וועט דערפילן איר אויפגאבע, וואָס זי האָט אף זיך גענו-מען צו שאַפן אַ אידיש פויערטום, ערד-ארבעט פאר און פון אידישע מאַסן.

די קוסטארן און באלמעלאָכעס וועלן, פונקט ווי די אַרבע-טער, מעשאַלייעך זיין, ארויסטרייבן די צעאירײ-ציאָניקעס און אנדערע קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן פון זייערע געזעלשאַפטן און איינריכטונגען, זיי ניט שיקן ניט אף קאָנפערענצן און באַראַטונ-גען, ניט בא פאָרשטייענדיקע וואלן אין די ראַטן.

בירגער פון ראַטנלאַנד קאָנען ניט פארטרויען זייער פאר-

שטייערשאַפּט אגענטן פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע, דורכפירער
פון די וואונשן פון גרויס-קאַפּיטאל, אפילע ווען זיי טראָגן דעם
שלייער פון אידישע יענטעס.

אקטיאבו׳ 1924

# פויאלײ־ציאָן באַזונדערס

## I

### זײערע װיסטע כאַלוימעס

גערופן האָבן זײ זיך, ביז װאַנען די מאָדע האָט עס גע-פאָדערט, אידישע סאָצ.-דעמ. פּאַרטײ פּויאַלײ-ציאָן. אָבער נײע מאָדעס—נײע נעמען. און מע האָט זיך אַ נאָמען געגעבן—אידישע קאָמוניסטישע אַרבעטער-פּאַרטײ פּויאַלײ-ציאָן.

די יוגנט איז ניט באַקאַנט מיט פּויאַלײ-ציאָן. אין דער רעװאָלוציע הערט מען זײ ניט און מע זעט זײ ניט, און װען ס׳קריכט אַמאָל אַרויס אײנער פון זײ אַלס גאַסט אַף אַ קאָנפע-רענץ—נאָר אַלס גאַסט, װײל פאַר קײן דעלעגאַטן קלײבט מען זײ ניט—באַציט מען זיך צו זײ װי צו אַ קאָמישער פיגור פון דער פּיעסע: יעדעס שטעטל האָט זיך זײן באָק און מע-שוגענעם.

און װײל אין לעבן האט מען מיט די פּויאַלײ-ציאָן ניט צו טאָן, װײס אונזער יוגנט ניט מיט װאָס מע עסט עס. די עלטערע אַרבעטער, װעלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן קאַמף קעגן דעם ציאָניזם און פאַר זײערע אויגן איז דורכגעגאַנגען דער פּויאַלײ-ציאניזם אין אַלע זײנע גילגולים, זײ הויבן אויך אָן צו פאַרגעסן אָן די פּויאַלײ-ציאָניסטן.

אָבער אין דער אידישער סװיװע האָבן די פּויאַלײ-ציאָניסטן זײערע װאָרצלען אין געװיסע טײלן פון די קלײנבירגערלעכע מאַסן, װעלכע נויטיקן זיך אָפּט אין ראַדיקאַלער פראַזעאָלאָגיע, געקײטלט מיטן אַלט-אידישן „לעשאָנאָ האַבאָ בירושאלאים״, און

מיר דאַרפֿן באַוואָפֿענען די יוגנט אַזוי, אַז זי זאָל פֿאַרהיט און פֿאַרפֿאַנצערט ווערן פֿון די נאַציאָנאַליסטישע אָפּנויגונגען. דערפֿאַר האָט אַ באַדייטונג פֿון צייט צו צייט זיך אָפּשטעלן אַפֿן שאָטן פֿון פּויאַליי-ציאָניזם, אָנווייזן אַף אים מיטן פֿינגער.

אינם פּויאַליי-ציאָניזם, ווי ער עקזיסטירט איצט באַ אונז אין ראַטנפֿאַרבאַנד, ווילן מיר זיך אָפּשטעלן אַף זיין פּראגראַם דאָ, אין ראַטן-פֿאַרבאַנד, און פֿאַר פּאַלעסטינע.

ווי אַזוי וואָלטן „פּויאַליי-ציאָן" געוואָלט זען ראַטן-רוסלאַנד, וואָס זען זיי אין כּאָלעם? זיי שטעלן זיך פֿאָר די זאַך אַזוי: אין יעדן דערפֿל, שטעטל, שטאָט, האָקלאַל אין יעדן ישעוו עקזיסטירט, ערשטנס, אַן אָרטיקער ראַט, און נעבען אים עקזיסטירן נאַציאָנאַלע ראַטן פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס וואוינען דאָ. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַלע ראַטן—דער אַלגעמיינער און די נאַציאָנאַלע—זיינען מעלוכישע, עקזיסטירן אַפֿן כעשבן פֿון אָרטיקן ביודזשעט. איצט ווייסן שוין אַלע, וואָס הייסט אָרטיקער ביודזשעט—די שטייער-צאָלער פֿילן עס זייער... געשמאַק אַף זייערע אייגענע פּלייצעס. וואָס דאַרף טאָן דער נאַציאָנאַלער ראַט? ער דאַרף זיך באַשעפֿטיקן מיט אַלע פֿראגן, סאַי קולטורעלע, סאַי עקאָנאָמישע: לעמאָשל, די שטייערן, דער בוי פֿונם ביודזשעט, די סכירעס פֿאַר די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, די טאַריף-פּאָליטיק, אַרבעטער-שול, קאָמונאַלע ווירטשאַפֿט, סאַניטאַרע פּאָליטיק, קולטור-אַרבעט—דאָס אַלץ באַרירט די גאַנצע באַפֿעלקערונג, אָבער יעדער נאַציאָנאַלער ראַט דאַרף האָבן מיט דעם צו טאָן און דער אַלגעמיינער ראַט—ווער ווייס וואָס ער וועט טאָן—ער וועט מיסטאמע זיין אַ פּשאָרע-קאַמער פֿאַר די נאַציאָנאַלע ראַטן.

די פּויאַליי-ציאָן גייען ווייטער. די אַלע נאַציאָנאַלע-ראַטן פֿונם דערפֿל—שטעטל—שטאָט זיינען יעראַרכיש פֿאַרבונדן מיט די נאַציאָנאַלע ראַטן אין וואָלאָסט-מאַסשטאַב, אין אויעזד-מאַסשטאַב, אין גובערניע-מאַסשטאַב, אין רעפּובליק-מאַסשטאַב און אין פֿאַרבאַנד-מאַסשטאַב, זיי האָבן זיך זייערע אַדמיניסטראַטיווע צענטרען און דער אַלגעמיינער פּשאָרע-מאַכער-ראַט האָט זיך זיינע צענטרען. לעבן לעבט די גאַנצע מאַשינע, פֿאַרשטייט זיך, אַפֿן כעשבן פֿון די שטייערן, און אַלע ראַטן באַשעפֿטיקן זיך מיט אַלע פֿראַגן,

פירן די ווירטשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע פּאָליטיק א. א. וו. אָט וואָסער געביידע די פּויאַליי-ציאָן זעען אין זייער כאָלעם.

און ווען זיי כאַפּן זיך אויף און זעען, וואָס ס׳כוט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, פאַרקלעמט זיי דאָס האַרץ, זיי שרייען, אַז עס שטיקט זיי, זיי האָבן ניט מיט וואָס צו אטעמען, אז די יעווסעקן פאַרניכטן די אידישע נאַציע.

וואָס זעען די פּויאַליי-ציאָניסטן, ווען זיי כאַפּן זיך אויף?

ס׳וועט געפירט אַ העפטיקער קאַמף פאַר צענטראַליזירן, קעגן צעשפּליטערן די עקאָנאָמישע פּאָליטיק און אַרבעט; ס׳וועט פאַרשטאַרקט די מאַכט פון די ערטער, פונם קלענסטן דערפל. יעדער דאָרפישער ראַט וועט אַלץ מער די אינטעגראַלע מעלוכע־מאַכט אַפּן אָרט, און אַלץ אויסדריק פון דעם וועט פאַרפעסטיקט דער אָרטיקער ביוראָ. און דער אָרטיקער ביוראָ איז אַ שטרענגער פאַרשוין, ער לאָזט זיך ניט צופּן און פאַניבראַטעווען. די באַפעלקערונג האָט פאַר אים דערעכערעך, און בעט זיך אָפּט: מיר ווילן זיין אַ דאָרף, ניט קיין שטאָט, וויל... דאָס לעצטע איז צו טייער. הײנט שטעלט אייך פאָר דאָס לאָשן פונם אָרטיקן ביוראָ, ווען די פּויאַליי-ציאָן קומען מיט זייער... כאָלעם.

אין דער ווירקלעכקייט וועט דער צענטראַליזירטער און צונויפגעפּרעסטער אפּאַראַט צוגעפּאַסט צו באַדינען די באַפעלקערונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. די קאָמונאַלע ווירטשאַפט, די טאַריף-פּאָליטיק, די סאַניטאַרע א. א. וו.—דאָס אַלץ דאַרף באַדינען די גאַנצע באַפעלקערונג פון אַלע נאַציעס. און צו דעם פּאַסט זיך צו דער צענטראַליזירטער מעלוכע־אַפּאַראַט. קיין נאַציאָנאַלע ראַטן ווערן ניט געשאַפן, נאָר קאָנקרעט וועט מען פון עטלעכע געריכטס-קאַמערן איינ׳ם צופּאַסן ספּעציעל צו דער אידישער באַפעלקערונג, אַ באַשטימטן טייל פון ביוראָ אָפּגעבן פאַר אידישע שולן, די גאַנצע אַרבעט צו באַדינען די אידישע מאַסן איינגלידערן אין דעם אַלגעמיינעם אפּאַראַט. מ׳וועט שטרעבן די גאַנצע אַרבעט פונם מעלוכע-אַפּאַראַט אַריבערפירן אַף דער שפּראַך פון דער מערהייט. ס׳וועלן זיין ראַטן מיט דער רוסישער, אוקראַינישער, אידישער, פּוילישער שפּראַך. די רוסן, אוקראַינער, אידן, פּאָליאַקן וועלן זיין ניט נאָר נאַצמערהייטן, זיי

אַלע, און צום ערשטן מאָל די אידן, וועלן מוזן איינשטעלן נאָרמאַלע באַציאונגען צו די מינדערהייטן, ווייל אין אַנדערע ערטער זיינען זיי אַליין מינדערהייטן. סאַי פּרינציפּיעל, סאַי אין הינזיכט פון בירגער-געפיל איז דאָס די גרעסטע דערגרייכונג. דער גאַנצער אַפּאַראַט ווערט צוגעפּאַסט צו באַדינען די פיל-שפּראַכיקע באַפעלקערונג. אַוואַדע בלייבן אומעטום מינדערהייטן, די אידישע באַפעלקערונג וועט זיין אין דער מינדערהייט. אָבער די רעאַלע אינטערעסן וועלן פאַרהיט זיין דורך דער גאַנצער פּאָליטיק פון צופּאַסן דעם אַפּאַראַט צו באַדינען די גאַנצע באַפעלקערונג. דערביי וועלן די ריין נאַציאָנאַלע אַפּאַראַטן דערפירט ווערן צום מינימום. אַלע ווייסן, ווי נישטיק ס'איז פאַקטיש דער אַפּאַראַט פון די בילדונג-סעקציעס און בא די אויספירקאָמען. די רעאַלע אַרבעט ווערט געפירט, און ווען זיי וועלן פאַרגרעסערט ווערן אין דרייען, וועלן זיי די אַרבעט פולקום גוט דורכפירן, און אין דער זעלבער צייט—קיין צעשפּליטערונג, ס'בלייבט די גאַנצע נויטיקע צענטראַליזאַציע.

ווי שטעלן זיך די פּויאַליי-ציאָן פאַר די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, ווען זיי שלאָפן און כאָלעמען? אויך אַזוי: אין יעדן וואַרשטאַט—פאַבריק—זאַוואָד עקזיסטירן נאַציאָנאַלע סעקציעס. אַזוי פיל, וויפל נאַציאָנאַליטעטן ס'אַרבעטן אויפן זאַוואָד. די סעקציעס פון יעדער נאַציע אין אַלע פאַריינען בילדן אַ סעקציע באַם ראַי—גוב—רעפּובליק—פאַרבאַנדישן צווישן-פאַריינישן קאָמיטעט אין צענטראַל-קאָמיטעט. איר שטעלט זיך פאָר די געביידע? אַזאַ טורם (אויפן כעשבן פון מיטגלידס-אָפּצאָל) טויג צו קלעטערן אויפן הימל... און די פּויאַליי-ציאָן כאָלעמען דאָך. מיט וואָס-זשע דאַרף זיך יעדע סעקציע אין וואַרשטאַט, פאַריין, אין אָרטיקן און רעפּובליק-פאַרבאַנדישן מאַסשטאַב באַשעפטיקן? מיט אַלץ. מיט דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק—איר ווייסט דאָך, אַז די גאַנצע עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דער מעלוכע ווערט באַאיינפלוסט דורך דער פּראָפאָרגאַניזאַציע... היינט שטעלט אייך פאָר דאָס אויסאַרבעטן אַ קאָלעקטיוון אָפּמאַך: צוערשט באַהאַנדלען די נאַצסעקציעס אין וואַרשטאַט, דערנאָך קומט דער פשאָרע-מאַכער—די פאַרוואַלטונג א. א. וו. גאָר שיין איז דאָס בא פּריוואַטע אונטערנעמונגען בעאַייס אַ שטרייק.

און ווען זיי כאַפּן זיך אויף פון שלאָף, וואָס דערזעען די פּויאַלײ-ציאָן? זיי דערזעען, ווי די אַלגעמײנע פּראָפּאָרגאַניזאַציע פּאַסט זיך צו, וואָס ווייטער אַלץ מער, צו באַדינען די פּיל-שפּראַכיקע אַרבעטער-מיטגלידערשאַפט. צוערשט ווערט די אַרבעט צוגעפּאַסט צו די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן, דערנאָך שטעלט מען די פראַגע וועגן די נאַצמינדערהייטן, און, ענדלעך, ווערן געשאַפן פאַריינען אַף די שפּראַכן פון די מערהייטן—אויך אידישע, און אַלע מערהייטן געפינען זיך ערטערוויז אין דער לאַגע פון מינדערהייטן.

ס'פאַרשטייט זיך, סאַי דער מעלוכע-אַפּאַראַט, סאַי דער פאַ-ריינען-אַפּאַראַט טאַפּט נאָך די וועגן, ער איז ערשט אין אָנהויב. אויב פאַר די נאַצרעפּובליקן איז דער וועג שוין אָן אויסגעטראָטענער, איז פאַר די נאַצמינדערהייטן מערקט ער זיך ערשט אָן. דאָס איז אַזאַ אומגעווײנלעכע שווערע זאַך און אויפגאַבע, אַז מע דאַרף אַף דעם אַלע קרעפטן אָפּגעבן. אָבער אַף דעם וועג גייען מיר דאָך און מיר וועלן אים דורכגיין. דערווייל זעען מיר, ווי אין אַלע געביטן פון אַרבעט ווערן געשאַפן די נויטיקע עלעמענטן פון קולטור און מעלוכישקייט פאַר די אידישע מאַסן: שול, פּרעסע, טעאַטער, בילדונג, געריכט, מאַסן-אָרגאַניזאַציע. ס'ווערט געפירט אַן אַרבעט אומצוענדערן דעם סאָציאַלן בוי פון די אידישע מאַסן—ס'שאַפט זיך אַ פּויערטום; ס'בילדן זיך אַדמיניסטראַטיווע איינהייטן—מיר קומען צו ראַיאָנען.

צוויי סיסטעמען זעען מיר פאַר זיך: אונזערע—פון קאָמוניסטן געשאַפענע ווירקלעכקייט, פון צענטראַליזירטער קאָנפעדיקער מעלוכישקייט, וואָס באַזאָרגט אַמעגלעכסט ברייט די רעאַלע אינטערעסן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן—דאָס איז איין סיסטעם. און די צווייטע—דער פּויאַלײ-ציאָניסטישער כאָלעם—די אַזוי גערופענע פּערסאָנאַלע אווטאָנאָמיע, וואָס רייסט אַרויס די אידישע מאַסן, טיילט זיי אויס פון דער גאַנצער לעבנס-קייט. צוויי וועגן—דער וועג פון רעוואָלוציע, און דער וועג פון קלייןבירגערלעכער רעאַקציע.

וועגן דער פּאַלעסטינע-פּראָגראַם פון די פּויאַלײ-ציאָן וועלן מיר זיך אָפּשטעלן קורץ. מיזרעך קעמפט און שטורעמט. ס'קעמפט דאָס אַראַבנטום. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אַפן נאָענטן מיזרעך

ברעכט אויס א נאציאָנאלע רעוואָלוציע, וואָס כאפט ארום עגיפּטן, סיריע און אויך פאלעסטינע. וואָסער פּאָליטיק וועט פירן אונזער ראטן-רעגירונג? זעלבסטפארשטענדלעך, אז מיר וועלן אונטער-שטיצן די פויערים. וואָס וועט פאָדערן דידאָזיקע נאציאָנאלע רע-וואָלוציע? נאציאָנאלע רעוואָלוציע איז א בורזשואזע רעוואָלוציע. דאָס באדייט די פאָדערונג פון נאציאָנאלער מעלוכישער זעלב-שטענדיקייט. אונזער ראטן-רעגירונג וועט דידאָזיקע באוועגונג פון די אראבער אונטערשטיצן מיט אלע מיטלען.

וואָסער פּאָליטיק וועט אונזער רעגירונג דארפן און קאָנען פירן בענוגע צו די פאלעסטינישע אידן? א פּאָליטיק פון איינ-שטילן די נאציאָנאלע קריגערייען, פון איינלעשן די סינע, וועל-כע ס'האָבן איינגעפלאנצט די ציאָניסטישע אוואנטיוריסטן. זאָלן מיר זיך פאָרשטעלן, אז דער אווטאָריטעט פון דער ראטן-רעגירונג וועט זיין גענוג שטארק, און אז איר וועט זיך איינגעבן צו דער-גרייכן דעם מאקסימום. אין וואָס קאָן זיך אויסדריקן דער מאקסי-מום דערגרייכונגען? אין דעם, אז די אראבישע מעלוכע אין פא-לעסטינע זאָל שאפן פאר די אידן, וואָס וואוינען אין פאלעסטינע, גינסטיקע באדינגונגען פון נאציאָנאלער גלייכבארעכטיקונג. לע-מאָשל, אויב ס'וועט זיך איינגעבן אין פאלעסטינע איינשטעלן די אראביש-אידישע באציאונגען אזוי, ווי אין ווייסרוסלאנד צווישן די ווייסרוסן און אידן, וואָלט עס געווען די גרעסטע דערגרייכונג, דאָס איז אָבער אומעגלעך, ווייל ס'וועט דאָך זיין א נאציאָנאל-בורזשואזע רעוואָלוציע.

נאָר זאָל זיין, ס'וועט זיך אינגיכן איינשטעלן די לאגע אזוי, ווי אין ווייסרוסלאנד. דאָס הייסט אָבער זיך געזעגענען מיט א מאסן-איינוואנדערונג פון אידן אין פאלעסטינע: די ניי געשאפענע אראבישע מעלוכע וועט וועלן בלייבן אראביש, און די פריינטלעכע ראטן-מעלוכע שטרעבט צו שאָלעם—צו „סמיכשקע" מיטן מיזרעכ-דיקן פויערטום, און ניט צו מילכאָמע.

וואָס זשע באקומט זיך? און אין בעסטן פאל, בא די אי-דעאלסטע באדינגונגען, וועלן פאר א קליין הייפל פון דער אידי-שער באפעלקערונג אין פאלעסטינע געשאפן ווערן אזעלכע בא-דינגונגען ווי אין ווייסרוסלאנד. אָדער עפשער וועלן די פויאליי-ציאן פאָדערן אן אקטיווע פּאָליטיק קעגן דעם אראבישן פויערטום,

פאר די „היסטאָרישע“ רעכט פון אידן אין פאלעסטינע? דאָס וואָלט געווען מער קאנטער-רעוואָלוציאָנער, איידער די פעטלוריאדע, אויב מע קאָן זיין מער קאָנטער-רעוואָלוציאָנער.

אויב די פ.-צ. וועלן זיך באנוגענען מיט דער פּאָליטיק פון אונזער ראטן-רעגירונג בענויגייע צום ארבישן פויערטום, טאָ וואָס בלייבט פון אלע פויאליי-ציאָניסטישע כאלוימעס? ס'בלייבט רעאקציע און קאָנטער-רעוואָלוציע, א שטרעבונג פון דער בורזשואזיע אָפציען די אידישע מאסן פון רעוואָלוציאָנערן קאמף.

ס'וועט זיך אָבער זיי ניט איינגעבן.

## II

## זיי שטייען אף דער וואך

צווישן די קליינבירגערלעכע פארטייען, וואָס פרואוון אויס-נוצן די אויפוואכונג פון קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע שטימונגען, דארף מען דערמאָנען די פויאליי-ציאן. פריער האָבן זיי געהייסן איד. ס. ד. פויאליי ציאן, נאָר ווען עס איז ליידיק געוואָרן דער פּלאַץ פון די יעקאפע (איד. קאָמ. פ.-פויאליי ציאן, האָבן די עס-דע געפונען, אַז איצט איז די פּאַסיקסטע צייט זיך מעשאַנע שעם זיין, איבערבייטן דעם נאָמען—דאָס איז דאָך א ריין אידישע זאַך, באַ-זונדערס פאר געפערליכע כאַלאָאים. און מיר האָבן דאָ א פּייסעכדיקן קוירעך, אַ וויניגרעט פון רעשטלעך פון יעקאפע מיט די יע. עס-דע מיט... פעטליורעס מיניסטער רעוואוצקי. און דער וויניגרעט רופט זיך אָן: „אידישע קאָמוניסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי פויאליי-ציאן“. אָט די פּאַרטיי האַלט, אַז עס קומט פאָר אַ גרויסע אויפ-לעבונג פון נאַציאָנאַלע שטימונגען, מיסטאָמע מיינען זיי דא די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע שטימונגען, וועגן וועלכע מיר האָבן גע-רעדט אינם קאַפּיטל וועגן די צעאירעי-ציאן,—צעאירעי ציאן זיי-נען דאָך פאַר די פויאליי ציאן די „אַרבעטנדיקע מאַסן“. און אויס-מוירע, אַז די אויפלעבונג פון נאַציאָנאַלע שטימונגען באַ די אַרבעטנדיקע מאַסן זאָל ניט אָפּגעשוואַכט ווערן צוליב דער „אָפּאָר-טוניסטישער“ פּאָליטיק פון די יעווסעקן, מוזן נעבעך די פויאַליי-ציאן פירן קעגן זיי דעם שאַרפסטן קאַמף, אונטערשטרייכנדיק די

קאַרדינאַלסטע מיינונגס-פאַרשיידנהייטן. וואָס זשע האָט אַזוי אָנגעשראָקן די פּויאַליי-ציאָן, אַז זיי מוזן פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן די יעווסעקן.

די אַרבעט פון די לעצטע יאָרן האָט געשאַפן אַזאַ בעין אַנשטאַלטן און איינריכטונגען און עס איז נאָך מער אָנגעמערקט אַזאַ פּילזייטיקע ארבעט אין די פאַרשיידנסטע געביטן פון מעלוכישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַז די אַרבעט באַקומט שוין פּרינציפּיעל אַן אנדער אויסזען, די קאַמוס גייט אַריבער אין אייכוס. אַפילע די פּויאַליי-ציאָניסטן הויבן אָן איינצוזען די עלעמענטן פון מעלוכישקייט, וואָס ווערן איינגעבירגערט אינם אידישן לעבן. און ווען זיי האָבן עס איצט באַמערקט און הויבן עס אָן צו פאַרשטיין, ווילן זיי איינשמועסן זיך און אַנדערע, אַז דאָס אַלץ קומט פאָר ניט דורך דער אַרבעט פון דער אידסעקציע פון ר.ק.פּ. נאָר גלאַט אַזוי, די מאַסן נאַציאָנאַליזירן זיך און שטופּן די אידסעקציע. מע מוז דאָך געפינען אַ באַרעכטיקונג, האַלעמאַי קומט פאָר רעוואָלוציע און אויפבוי-אַרבעט אָן פּויאַליי-ציאָן און באַ שטערונגען פון זייער זייט,—טאָינעט מען אַז... די נאַציאָנאַליזירונגס-פּראָצעסן טרייבן די יעווסעקן צו „אָפּאָרטוניזם”. און באַלד עס שמעקט מיט אָפּאָרטוניזם, קאָנען זיך שוין די „אויסגעהאַלטענע” פּויאַליי-ציאָניסטן ניט... איינהאַלטן און מוזן „קעמפן”.

אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט פאַלן די פּויאַליי-ציאָן אַריין צוליב דער פּאָליטיק פון אַריבערפירן די אידן אָף ערדאַרבעט און דאָס בילדן קאָמיטעטן באַם „צ.א.ק.” פון פ.ס.ס.ר. און באַ די אַווטאָנאמע צ. א. ק.-ן. דא האָבן זיי דערשמעקט אַ שרעקלעכן קאָנקורענט פאַר דער ציאָניסטישער פּאַלעסטינע-אַוואַנטיורע, דאָ האָבן די פּויאַליי-ציאָן אַן אויסגעטראָטענעם וועג: באַ די ערשטע קלאַנגען וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ ברייטער ערדאיינאָרדענונג אין ראַטן-פאַרבאַנד האָט די ציאָניסטישע פּרעסע אין אַלע לענדער און אַף אַלע שפּראַכן אויפגעהויבן אַ געביל, אַז — הימל עפן זיך! זיי האָבן דערשמעקט אַ געפאַר פאַרן פּאַלעסטינער שווינדל, פאַרן נאַציאָנאַל-פאָנד, פאַרן קערן-האַיעסאָד און דעם גאַנצן נאַציאָנאַליסטישן קלאַפּער-געצייג.

די פּויאַליי-ציאָן שטאַמלען מיט האַרצקלעמעניש:

די וואַקסנדיקע באַוועגונג פון די אידישע מאַסן צו ערד-

אַרבעט סטימולירט זייער ווילן צו שאַפן א טעריטאָריאַלן צענטר אין פּאַלעסטינע. איר פאַרשטייט? מיר יעווסעקן האָבן געמיינט, אַז אַריבערפירנדיק ברייטע אידישע מאַסן צו ערדאַרבעט, שאַפן מיר דאָ אַפן אָרט א געזונט אידיש פויערטום, וואָס וועט צוזאַמען מיט די אַרבעטער און פויערים פון גאנצן פאַרבאַנד פאַרפעסטיקן די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז מיר האָבן אַ טאָעס געהאַט: מיר סטימולירן דעם פּראצעס פון שאפן אַ טעריטאָריאַלן צענטר אין פּאַלעסטינע! פּאָלג מיך אַ גאַנג!

די פויאַליי-ציאָן אַליין פילן, אַז אף אזא אויפן וועט זיך ניט איינגעבן קיינעם צו נאַרן, פּרואוון זיי פאַריידן די ציין. זיי זאָגן: מע דאַרף ניט לייגן קיין צו גרויסע האָפענונג אַף דער ערד-איינאָרדענונג, ווייל... אין בעסטן פאַל קאָן מען אריבערפירן אַף ערד-אַרבעט אַ מאן 12 טויזנט אַ יאָר צוליב מאַנגל אין געלט, און די אגראַריזאַציע קאָן אַרומכאַפּן נאָר אַ טייל פון די נויטבאדערפטיקע. גוט. זאָל זיין אַזוי, אָבער פון דעם מאַכן מיר, יעווסעקן, אַן אויספיר, אַז מע דאַרף שאַפן מער געלט, מע דאַרף אַלע קרעפטן אָנווענדן אַפן ציל פון אַריבערפירן אידן אַף ערדאַרבעט. וואָלטן, דאַכט זיך, די פויאַליי-ציאָן אונז געדאַרפט שטיצן דערמיט, וואָס זיי וואָלטן ליקווידירט די ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואלטן מיט-געהאָלפן אַריבערצופירן צו דעם ציל דעם נאַציאָנאַל-פאָנד, דעם קערן האַיעסאָד, דעם פאלעסטינישן ארבעטער-פאָנד און אז. וו. אָבער דאן וואָלטן זיי דאָך געווען רעוואָלוציאָנערן, קאָמוניסטן און ניט... פויאַליי-ציאָן מיט א קאָפלשמוינעדיקן היינטוועלטיקן נאָמען.

אלס פויאַליי-ציאָניסטן האלטן זיי, אז דאָ אין ראַטנרוסלאנד איז דאָס אלץ פּאַליאטיוון, אז ענדגילטיק וועט די פראגע געלייזט ווערן אין פאלעסטינע. פארוואָס? איינאָרדענען א פאמיליע אין פאלעסטינע קאָסט 8000 רובל, בא אונז 1500 רובל. אין פאלעסטינע דארף מען פירן אן אויסראָטונגס-קאמף קעגן די אראבער, זיך שטיצן אף די שפיזן פון די ענגלענדער, ציטערן פאר דער נאציאָנאל-באפרייענדער באוועגונג פון די אראבער, און בא אונז — גיט געלט-מיטלען, די ארבעט ווערט דורכגעפירט דורך דער מעלוכע.

בא אונז אין ראַטנפארבאנד גייט עס אלץ איינפאך, אָן

קונצן: עס שאפט זיך א אידיש דאָרף,—מאכט דאָס אן אייגענעם דאָרפסראט; עס בילדן זיך א ריי דערפער איינס נעבן אנדערן—בילדעט זיך א ראיאָנער ראט א. א. וו, בא אונז אף אונזער זינדיקער ראטן-ערד, איז ווען אין ווייסרוסלאנד, אין אוקראינע, אין קרים וועט אויסםעלן ערד פאר אידישער איבערוואנדערונג — און דער דראנג פון די אידישע מאסן צו ערד וועט ניט אָפּגעשוואכט ווערן, איז פאראנען פ. ס. ס. ר., — אביסל ווייטער פונם אלטן טכום, אָבער אף דער ראטנערד, אונטער ארבעטער-פויערשער הערשאפט. בא אונז וואקסן אָן שום קונצן צענדליקער נייע ערד-קאָלעקטיוון, וואָס באקומען ערד, באַזעצן זיך אין געוועזענע פריצישע הויפן א. א. וו. אומבאמערקבאר האָבן מיר אין אדעסער גוב. אָנגעקליבן מער ווי 50 טויזנט אידישע ערדארבעטער.

און דער פאַלעסטינע-טאראַראַם פון צענדליקער יאָרן מיטן שטיין אַף די הינטערשטע פיסלעך פאַרן ענגלישן אימפעריאַליזם, מיטן דערשטיקן די אַראַבישע באַפרייאונגס-באַוועגונג, וואָס האָט געגעבן?

צי ציטערן די פויאַליי-ציאָן אליין ניט פאַרן זיג פון דער אַראַבישער באַפרייאונגס-באוועגונג? און פאַר דער נייער באַוועגונג באַ אונז אין לאַנד, פאַר די גראַנדיעזע פערספעקטיוון, פאַר דער רעוואָלוציאָנערער איניציאַטיוו שטייען די פויאַליי-ציאָן צעטומלטע, אַנטוישטע און שטאַמלען: מיר באַגריסן די אַרבעט,— אָבער – ניט קיין צו גרויסע האָפענונגען, און די רעטונג איז בלויז אין פאַלעסטינע. און דערפאַר — דאַרף מען די אַרבעט פרואוון אַראָפרייסן; צוליב דעם דאַרף מען באַקעמפן דאָס, וואָס די אַרבעט ווערט געשטעלט דאָ ווי אַן אלמעלוכישע און ניט ווי אַ נאַציאָנאַל-אידישע; מע דארף זי פראָקלאַמירן ווי אַ ריין אידישע, אריינלייגן זי אין נאַציאָנאלע איינריכטונגען, שטעלן אַפן באָדן פון קאַמף קעגן דעם פויערטום, האַקלאַל, — אף דיזעלבע נאַציאָנאליסטישע רעלסן ווי אין פאלעסטינע קעגן די אַראַבער. דאָס איז דער באדייט פון דער פאָדערונג פון ספעציעל-אידישע אָרגאנען פאַר דעם איניען.

פון דעם אויבן געזאָגטן איז שוין פאַרשטענדלעך דאָס איבעריקע. ווען מיר שאַפן אף די ערטער דאָרפישע און שטעטלדיקע ראַטן אף דער אידישער שפראַך, קומען די פויאַליי-ציאָן

און זאָגן: איר מאַכט עס פּאַמעלעך, — מע דאַרף גיכער, לויטן מוסטער פון פּאַלעסטינע. ווען מיר פאַרגרעסערן פון טאָג צו טאָג די נעץ קולטור-אַנשטאַלטן און פירן מיטן גרעסטן ערפאָלג דעם אַנטירעליגיעזן קאַמף, אין וועלכן די פּויאַליי-ציאָן באַמבלען זיך צווישן די פיס, קומען זיי און זאָגן: ס'איז צו פּאַמעלעך, מע דאַרף גיכער. ווען מיר פירן אין אונזערע שולן דורך די נייע פּעדאַגאָגיק און שטעלן זיי ניט נידעריקער, ווי דאָס גאַנצע שולווען אין דער רעפּובליק, קומען די פּויאַליי-ציאָן און טאַינען: מע דאַרף איינפירן די נאַציאָנאַל-פּראָלעטאַרישע פּראָגראַם — ד. ה. אַפּאָנים העברעאיש, פּאַלעסטיניזם און נאָך אַזעלכע וויכטיקע קענטענישן פאַר דעם אַרבעטס-מאַן. ווען מיר שאַפן אַן אוניווערסיטעט אין מאָסקווע, אַן אָפּטייל אין מינסק און אין אַדעס, אַ ריי פּעדטעכניקומס, אַ אינסטיטוט אין לענינגראַד, קאַטעדרעס און סעקציעס באַ פיל הויכשולן, קומען די פּויאַליי-ציאָן און טאַינען: מע דאַרף שאַפן! א דאַנק פאַר דער אידייע! און דער איקער — גיט זיי די אַווטאָנאָמיע אַפן ליטווישן שטייגער!

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז ניט אין די אַלע פּראַקטישע פאָדערונגען ליגט דער שווערפּונקט, נאָר אין דער הויפּט-פּראַגע. רעוואָלוציאָנערע שאפונג אין אַרבעטער-פויערשן ראַטנפאַרבאַנד אדער — נאַציאָנאַליסטישער אידיש-אַראבישער קאַמף אין פּאַלעסטינע! אויב דאָס ערשטע — דאַרף אַלץ אוועקגעגעבן ווערן אַהער! אויב פּאַלעסטינע — איז די אַרבעט דאָ, אַלע פאָדערונגען דאָ ניט מער ווי אַ מאַנעוור אָפּצואווענדן די אויפמערקזאמקייט און די קרעפטן פון אונזער רעוואָלוציע אין אַ זייט.

דאָס הייסט פאַקטיש אָפּשוואכן די רעוואָלוציע, זיירן ניטגלויבן און אומצוטרוי צו דער רעוואלוציע, דאָס איז א קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע אַרבעט.

די פּויאַליי-ציאָניסטן פלאָנטערן זיך אין די וואַל-קאמפּאַניעס. זיי טראָגן אַריין אויסבעסערונגען אין די אָנזאָגן (נאַקאַזן), לויט זייער נוסעך. זיי פּרואוון אויך אַרויסטרעטן אונטער דער מאַסקע פון אומפּאַרטייאישע, דאַרף מען אין יעדן פאל זיי דעמאַסקירן, אויפדעקן דעם מאַנעוור-כאַראקטער פון זייערע פאָרשלאגן, באַווייזן וואָס באַ אונז איז דורכגעפירט געוואָרן און עס ווערט געטאָן אָן זייער הילף.

די פויאליי-ציאָניסטן, אָדער ווי זיי האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן — איד. קאָמ. אַרב. פּאַרטיי, איז די לינקע פאָרזעצונג פון די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע צעאירי ציאָן. קיין ווירקונג אף די אַרבעטער האָבן זיי ניט,—דאָס האָבן באוויזן די פריערדיקע קאָנפערענצן, עס וועלן עס באַווייזן די פאָרשטייענדיקע וואלן און די פאָרשטייענדיקע אומפּארטייאישע קאָנפערענצן.

אקטיאבר 1924.

## ציאָניזם און די ערדאײַנאָרדענונג אין פ. ס. ס. ר.

### פאַרוואָס איז די ראַטנמאַכט קעגן ציאָניזם

אָט די פראגע ווערט געשטעלט פון א ציאָניסט אין אן אַנאָנימען בריוו צום כ. בוכאַרין. דערבײַ שטעלט דער ציאָניסט די פראַגע אַזוי:

די ערדאײַנאָרדענונג פון די אידן אין ראַטנפאַרבאנד קאָן אַרומכאַפּן בלויז אַ קלײנעם טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג, ווײַל אף דאָרעם איז ווייניק ערד און אַף דער וואָלגע און אין סיביר וועט דער איד ניט פאָרן. דערפאַר... דאַרף מען אויך פירן די ערדאײַנאָרדענונג אין פאַלעסטינע. די ציאָניסטן זײַנען שוין ניט אַזוי פאַנאַטיש אף צו מײנען, אז פאַלעסטינע ראַטעווען דאָס גאַנצע פאָלק, נאָר דאָך — אלס צוגאָב, אַלס אַ „לופטלאָך" („אָטדושינא"), אַלס צוגאָב דאַרף מען קאָלאָניזירן אויך פאַלעסטינע. און אין פאַלעסטינע וועט דער איד גײן, ווײַל ס'איז אײגנס. איז פאַרוואָס זאָל די ראַטנמאַכט זײַן קעגן?

מע זאָגט, — שרײַבט ווײַטער דער ציאָניסטישער אַנאָנים, — די ציאָניסטן זײַנען אַ געצײַג אין די הענט פון ענגלאַנד. אָבער דאס איז ניט ריכטיק, ווײַל די ציאָניסטן זײַנען צו שוואך דערויף. מע זאָגט, — די ציאָניסטן ווילן פאַרטרײַבן די אַראַבער. אָבער ס'איז ניט ריכטיק, ווײַל זיי ווילן נאָר באַאַרבעטן די ערד, און די אַראַבער טשעפּען זיי ניט. און וואָס עס וועט ניט זײַן קײן ערד פאַר די בעדואינער — איז זאָל עס קײנעם ניט אַרן, ווײַל אויב זאָרגן וועגן דעם, דאַרף מען אויך אין ראַטנלאַנד געדענקען, אז אף די ערד וועלן זײַן בילכערע באַלאָנים.

די ראַטן און דער קאָמינטערן האַלטן אונטער אַלע באַציאָ-נאַל-פריהייטלעכע באַוועגונגען, איז פאַרוואָס איז מען קעגן ציאָ-ניזם, פאַרוואָס האַלט מען אים פאַר רעאַקציאָנער און פאַרוואָס באַהאַנדלט מען די פראַגע ניט?

דאָס איז אומגעפער דער געדאַנקען-גאַנג פון דעם ציאָניסט. וואָס עס גיט צו אַ באַזונדערן אינטערעס דעמדאָזיקן בריוו — דאָס איז די וואַקלעניש, וועלכע ווערט אין אים אנטפּלעקט. מיר רעכענען אַז אין דעם ערעך, ווי דער פאַרפּאַנצערטער פויסט פונם ענגלישן אימפּעריאַליזם וועט אַלץ מער וועקן פונם זיסן כאַלעם וועגן ציאָן און ערעץ-יסראָעל, און וואָס מער עס וועט פעסטער ווערן די אַרבעט בא אונז אין לאַנד, דאָס מער וועט דידאָזיקע שטימונג אַרומכאַפּן ברייטע ציאָניסטישע מאַסן. אין דעם איז די אַלגעמיינע באַדייטונג פון דעם בריוו.

אין וואָס דריקט זיך אויס די וואַקלעניש? ערשטנס, אין דעם שפּאָגל-נייעם טעזיס, אַז די איבערוואַנדערונג קיין פּאַלעס-טינע דאַרף זיין אַ צוגאָב צו דער ערדאיינאָרדענונג אין ראַטנ-פאַרבאַנד. און, צווייטנס, — די ציאָניסטן זיינען שוין ניט אַזעלכע פאַנאַטיקער אף צו קלערן, אַז אין פּאַלעסטינע ווערט אַלץ גע-לייזט. אַוואַדע — ניט אַלע ציאָניסטן קלערן שוין אַזוי, אָבער א סימען איז עס, וואָס פאַר אַ קראַך אין דער אידעאָלאָגיע און אינם גלויבן האָט מען געדאַרפט איבערלעבן אף אַזוי שטעלן די פראַגע. פאַר אונז איז קלאָר, אַז די שטימונג, וואָס איז אויסגע-דריקט אין דער שטעלונג, איז א צייטווייליקע, א פאַריבערגיי-ענדיקע: נאָך איין קלאַפּ אין פּאַלעסטינע, נאָך איין יאָר אַרבעט באַ אונז אין לאַנד — און דער פּאַלעסטיניזם וועט זיך אויסוועבן, און נאָר איין לאַנד פאַר אידישער ערדאיינאָרדענונג וועט בלייבן — ראַטנפאַרבאַנד.

אוואַדע איז איצטער שווער צו בלייבן א פאַנאַטישער גלוי-ביקער אין דער פּאַלעסטינישער געאולע, אָבער דער אַ פּ פּ אַ ר אַ ט פון דער ציאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, די ציאָניסטישע ביוראָ-קראַטיע איז שוין לאַנג ניט פּאַנאַטיש און ניט גלויביק — דער אפּאַראַט קעמפט פאַר זיינע אינטערעסן, פאַר די ביוראָקראַטן, נאַרנדיק די אָרימע מאַסן.

דער וועג, מיט וועלכן יענער ציאָניסט קומט צום מאָדנעם

איינפאַל וועגן פּאַלעסטינע אלס צוגאָב צו ראַטן-רוסלאַנד,— דערדאָזיקער וועג איז אין אַלע טיילן פאַלש, און די פאַלשקייט וועט פון טאָג צו טאָג ווערן דייטלעכער, און אַלע וועלן זען, אַז דער וועג פירט אין מידבאָר, וואוהין ס'פאַרפירן אין בלאָטע די גליוועריִמלעך.

אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, קוסטאַרן, האַנטווערקער, פרייע פּראָפעסיעס — דאָס אלץ שטעלט מיט זיך פאָר מער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג — דאָס איז אַ העלפט, וואָס באַשטייט פון אַרבעטנדיקע עלעמענטן, זייער לאַגע וועט פון טאָג צו טאָג, פון וואָך צו וואָך ווערן בעסער אין דעם ערעך, ווי עס וועט זיך פאַרפעסטיקן אונזער מעלוכע, די ראַטנמאַכט. מע דאַרף רעכענען, אַז די ווירטשאַפט וועט ניט בלויז וואַקסן, נאָר עס וועט פאַרגיכערט ווערן אויך דער טעמפּ פונם וואוקס, ד. ה. אז נייע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג וועלן מיטן זעלבן פאַרשטאַרקטן טעמפּ אַריינגעצויגן ווערן אין דער ווירטשאַפט. בענויגייע דידאָזיקע עלעמענטן — די אַרבעטער, קוסטאַרן, באלמעלאָכעס, אָנגעשטעטע, פרייע פּראָפעסיעס — בענויגייע צו זיי דאַרף שטיין די פראַגע וועגן איבערגרייטן, וועגן העכערן די קוואַליפיקאַציע, צופּאַסן די באַשעפטיקונג צו די ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען, איבערגרייטן אין ברייטן זין פון וואָרט. אָבער דער אַנטוויקלונגס-וועג פון דידאָזיקע 50 פראָצ. אַרבעטנדיקער אידישער באַפעלקערונג איז אָנגעמערקט און רופט קיינע כפייקעס ניט אַרויס.

בלייבט די פראַגע וועגן די איבעריקע 50 פראָצענט. אַ טייל פון זיי וועט אריינגעצויגן ווערן אין דיזעלבע אַרבעט-צווייגן צוליב דעם פאַרגיכערטן אנטוויקלונגס-טעמפּ, אַ טייל וועט פאַרבלייבן אינם פאַרטיילונגס-און האַנדלס-אַפּאַראַט, וועלכער וועט ניט פארניכטעט ווערן, קאָלזמאַן עס וועט דויערן דער איבערגאנגס פעריאָד. און די איבעריקע — אַ גאנץ גרויסער פּראָצענט — נויטיקן זיך אין אַריבערפירן אף אַן אנדער ארבעט, ד. ה. אייגנטלעך, אויך אין איבערגרייטונג. די ראַטנמאַכט ווייזט דעם וועג— זיך איבערגרייטן און אַריבערגיין אף ערד-ארבעט. קאָנקרעט איז דער פּלאַן אויסגערעכנט אף הונדערט טויזנט פאַמיליעס, אף פינף-זעקס הונדערט טויזנט נעפאַשעס — קימאַט 25 פראָצ. פון

דער אידישער באפעלקערונג. מע דאַרף זיך אָבער פאָרשטעלן וואָס דאָס הייסט: אַז מין באַפעלקערונג אַף ערד-ארבעט הייסט באשאַפן אַ לאנדווירטשאפט מיט א גאַנצער ריי ווירטשאפט-צווייגן, וואָס באדינען די לאנדווירטשאפט, ד. ה. א צוגאָב-מעגלעכקייט און אַ צוגאָב-שאנס אַריינצוציען נאָך אידישע מאַסן אויסער דעם פריער אָנגעוויזענעם אלגעמיינעם וואוקס און פארשנעלערטן טעמפּ פון דער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג.

וואוהין זשע קאָן גיין די איבערוואַנדערונג?

אַף דאָרעם איז דער ציאָניסט איינשטימיק, אַף דער וואָלגע און אין סיביר ניט — מע וועט קלוימערשט ניט גיין, „ווייל דער איד האלט עס פאַר פאָרשיקונג („סילקע”)!

עס איז אַ נאַרישע בויך-סוואָרע. די אידישע באפעלקערונג זאמלט זיך גאַנץ געשמאַק און אָרדנט זיך איין אין צענטראַל-רוסלאַנד, אין סיביר און אין ווייטן מיזרעך. עס וועלן וואַקסן די קאָלאניעס אין אוקראינע און אין קרים, דערנאָך אַף צאָפן-קאַווקאַז, שוואַרציאַמישן ברעג, דערנאָך אין קובאַן און דערנאָך וועט מען זיך איבערוקן אַף דער וואָלגע, אַף אוראַל און סיביר. דער רוסישער פויער האָט פארטראָגן די לאנדווירטשאַפט אַף יענער זייט פאָליאַר-קרייז, און די אידישע באַפעלקערונג, וועלכע איז פאַרפאָרן אַפילע אין דאָרעם-אַפריקע, וועט זיך מוירע האָבן צו רירן פון די אַלטע ישואווים? פון וועמען שרייבט איר דעם פאָרטרעט? קוקט אייך צו צו די אידישע איבערוואַנדערער אין כערסאָנער קרייז, וועט איר זען, אַז די רעוואָלוציע האָט געשאַפן אַן אַנדער אידישע מאַסע. די גאנצע אַווי גערופענע אידישע פּראָבלעם וועט ביזן לעצטן טראָפּעלע געלייזט ווערן דאָ, אין ראַטנלאַנד, קיין איין טיילכעלע וועט ניט בלייבן אַף פרעמדע כסאדים.

אָבער וואָס שאדט אייך, — טאינעט דער ציאָניסט, — אַז אויך קיין פּאַלעסטינע זאָל גיין די אידישע איבערוואנדערונג, די אידישע ערד-איינאָרדענונג? פארוואָס איז די ראַטנמאַכט קעגן?

ערשטנס, ווייל עס איז אַן אוטאָפּיע, ווייל די קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע האָט באַנקראָטירט, ווייל פאַר 40 יאָר ציאָניסטישער קאָלאָניזאַציע האט איר אויפגעטאָן און ניט געקאָנט אויפטאָן אַפילע קיין צוויי דריטל, וואָס מיר האָבן אין ראַטנפאַרבאַנד אויפגעטאָן פאַר איין יאר, ווייל אייער גאנצע אַרבעט האָט זיך

אויסגעלאָזט מיט אַ ישעוו אַף הינערשע פיסלעך, און די איינציקע געאולע איז דאָס געוואָרן נאָר פאַר ערד-ספּעקולאַנטן. אַף וואָס עס קלאָגן שוין אַפילע אייערע הילעל צייטלינס און אַנדערע פּובּ-ליציסטן פון דער ציאניסטישער פּרעסע, ווייל מיט זייפנבלאָזנס, וואָס לוינען נאָר פאַרן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט פונם ציאָניזם, פאַרטעמפּט איר די מויכעס פון די אידישע מאַסן אַף זייערע דוי-רעסדיקע וואויגערטער און לאָזט זיי ניט בייקומען זייער היסטאָ-רישע פאַריבערגייענדיקע צאָרעס אין די לענדער, וואו זיי זיינען און דאַרפן בלייבן טוישווים, וועלכע האבן רעכט אַף איינגעאָרדנט ווערן אָפּן אָרט און דארפן פאַר דער רעכט קעמפן צוזאמען מיט די איבעריקע האָרעפּאַשנע מאסן פונם געגעבענעם לאַנד.

נאָר דער ציאָניסט שטעלט זיין קלאָץ-קאַשע מער אין פלאַך פון אינטערנאציאָנאלער פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט און פונם קאָמינטערן — וועלן מיר אים דאס אויך געבן צו פארשטיין.

פאַרוואָס איז די ראטנמאַכט קעגן דער „צוגאב"-איינאָרדע-נונג אין פּאַלעסטינע?

דערפאַר, וואס פּאַלעסטינע איז ניט קיין פוסטער מידבער מיט פרייע ערד אָן אַ באַלעבאָס. ניין, פּאלעסטינע האט אַ באַלעבאָס, האט אַ באַפעלקערונג. די באַפעלקערונג איז אָרים, פאַרשקלאַפט בא די אייגענע עפנדים, מע דארף איר העלפן זיך באפרייען. אַף דער באפעלקערונג פאלט אָן דער ענגלישער אימפּעריאליזם, נעמט צו בא דער אַראַבישער באַפעלקערונג זייער פאטערלאנד, זייער אומאפּהענגיקייט. דער ענגלישער אימפּעריאליזם פארשקלאפט דאָס לאנד און קעדיי בעסער דורכצופירן דאס, קעדיי ניט אנרייצן קעגן זיך די מוסולמענער פון אנדערע ענגלישע קאלאניעס, שטעלט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם אָרויס די ציאניסטן. די ציאניסטן העלפן דעם ענגלישן אימפּעריאליזם פארשקלאפן דאס אַראַבישע פאלק, זיי ציען אפּ אַף זיך, אַף די אידן די סינע פון די אַראַבער צו די אימפּעריאַליסטן.

די ראטנמאַכט פירט אַ פּאליטיק פון שטיצן די קאלאניאַלע פעלקער קעגן די אימפּעריאליסטן. די פיינט פון די קאלא-ניאַלע אונטערדריקטע פעלקער — זיינען פיינט פון סאוועטן-לאנד. די פריינט פון ענגלישן און אַנדערן אימפּעריאַליזם זיינען פיינט פון ראטנלאנד. די ציאניסטן זיינען

פיינט פון די פארשקלאפטע אראבער, זיי זיינען פריינט פונם ענגלישן אימפעריאליזם, זיינען זיי פיינט פונם ראטנלאנד.

די ציאניסטן שטרעבן צו פארכאפן די ערד און די מאכט בא די אראבער אין פאלעסטינע. די אראבישע באפעלקערונג איז א פויערשע. די ראטנמאכט העלפט די אונטערדריקטע פויערים זיך באפרייען פון אלע אימפעריאליסטן. די ציאניסטן קעמפן שטענדיק אין די ענגלישע ארמייען—די לעגיאנען אין גאליפאלי און פאלעסטינע, די פאלעסטינישע זשאנדארמעריע, זשאבאטינסקיס אפמאך מיט פעטלורען. פריינט פון ענגלאנד, פריינט פון פעטלורען זיינען פיינט פון סאוועטן-לאנד.

דער מיזרעך, די פארשקלאפטע קאלאניאלע פעלקער דערוואכן, שטייען אויף קעגן די פארשקלאפער. דאס ראטנלאנד איז די פעסטונג פון די אויפשטייענדיקע שקלאפן, זייער שטיצע, זייער האפענונג, א שרעק פאר די אימפעריאליסטן. קאן דען דערלאזט ווערן, אז אין דערדאזיקער פעסטונג זאלן זיך פריי באוועגן און פריי ארבעטן די אגענטן פון די אימפעריאליסטן, די ציאניסטן, וועלכע ווילן אליין פארכאפן פאלעסטינע בא די אראבער און העלפן די ענגלענדער דאס צו טאן?

אט פארוואס די ראטנמאכט איז קעגן ציאניזם—ווייל זי שטיצט די קאלאניאלע פעלקער, אויך די אראבער, אין זייער באפרייאונגס-קאמף קעגן די פארכאפער, אויך קעגן די ציאניסטן.

דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל האט ערנסט באהאנדלט דעם ציאניזם אף זיין צווייטן קאנגרעס און האט ארויסגעטראגן א ספעציעלע רעזאלוציע. דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל האט זייער פיל מאל באהאנדלט די פראגע ספעציעל איבער די פויאליי-ציאן. אויך די אל. ק. פ. האט פיל מאל די פראגע באטראכט. ניין, די קאמוניסטישע פארטיי איז ניט גלייכגילטיק צום ציאניזם, ווי דער אנאנימער שרייבט אין זיין בריוו, —זי איגנארירט אים ניט, נאר זי איז צו אים פ ײ נ ט ל ע ך.
מיר באקעמפן די אגיטאציע פאר איבערוואנדערן אין פאלעסטינע אונטער וואס פאר א פארם זי זאל זיך ניט פירן, ווייל זי שטרעבט צו פארכאפן דאס לאנד.

איבערוואנדערונג פון אידן אין פאלעסטינע איז ניט און קאן ניט זיין קיין צוגאב און פארזעצונג צו דער איבערוואנדערונג

אין ראטנפארבאנד, פאַרקערט: דער ציאניזם, די פאלעסטינע-באַ-וועגונג העלפט דער אימפעריאליסטישער רעאקציע, וועלכע קעמפט קעגן ראטנפאַרבאנד און מיט דעמזעלבן קעגן דער אידישער אי-בערוואנדערונג אין ראַטנפארבאנד.

דער ציאניזם איז אביעקטיוו אַ סוינע דער ערד-איינארדע-נונג פון די אידישע מאסן אין ראטנפארבאנד. אט פארוואס מיר רופן די אידישע מאסן אין ראטנפארבאנד צו באקעמפן אַפן שארפסטן אויפן די ציאניסטן מיט זייערע פאלעסטיניש-אימפערי-אליסטישע געגג.

אָן זיי, קעגן זיי, קעגן די ציאניסטן וועלן מיר דורכפירן די גרויסע איבערגרייטונגס-ארבעט צווישן די אידישע מאסן, די גרויסע ארבעט פון שאפן אַ גרויס און געזונט אידיש פויערטום אינם סאָציאליסטישן ראטנפארבאַנד.

II

## זיי זיינען סאָנים פון אונער ערד-איינאָרדענונג

אָפּן סמאך פון אַ בריוו, וואס א ציאָניסט האט געשריבן צו כ׳ בוכארין, האבן מיר אויבן *) דערציילט וועגן די אידעאָלאָ-גישע וואקלונגען צווישן די ציאָניסטן. די וואַקלונגען דריקן זיך אויס אין דער באַהויפּטונג, אַז מע רעכנט שוין ניט, אַז פאַלעס-טינע וועט ראַטעווען דאס אידישע פאָלק, נאָר מע האַלט די פאַלעסטינישע קאָלאָניזאציע פאר אַ דערגאנצונג צו דער ערד-איינארדענונג אין ראַטנפארבאנד; און אויב אַזוי, טאָ פארוואס זאל די ראטנמאכט זיין קעגן די ציאָניסטן?

אַזוי טאינעט אַ „פארגעשריטענער״ „מאָדערנער״ ציאניסט פון די „אלגעמיינע״. צי האט דערדאזיקער ציאניסט פיל אנהענ-גער, ווייסן מיר נים. אָבער אַז דערדאזיקער נייער טאָן קומט פון דעם שפּאַלט אין ציאניסטישן טרומייט איז קיין צווייפל ניטאָ, און דערפאר וועט דידאזיקע שטימונג, דערדאזיקער נייער טאן ווערן אַלץ מער אנגענומען, וועט באקומען אַלץ מער אנהענגער.

אַז באַ היינטיקן טאג איז דידאזיקע שטימונג נאך ניט די

*) זע „פארוואס איז די ראטנמאַכט קעגן ציאניזם״.

הערשנדע בא די ציאניסטן, באווייזט דער קאמף, וועלכן ס׳פירן די ציאניסטישע ארגאניזאציעס אף די ערטער קעגן דער ערד־איינארדענונג פון די אידן אין ראטנפארבאנד.

פאר מיר ליגט א שמוציק בלעטל אף רוסיש אונטערגע־שריבן: שטאט-קאמיטעט פון קרעמענטשוגער ארגאניזאציע פון דער „איינהייטלעכער אלרוסלענדישער ארגאניזאציע פון ציאניס־טישער יוגנט”. אט איז דער אנהויב פון בלעטל: „ברידער און שוועסטער אידן, נאך איין צוויעסדיקע פאליטיק. בא אונז אין קרעמענטשוג טרעט די אידסעקציע צו צו ארגאניזירן א געזעל־שאפט פאר ערדאיינארדענונג פון ארבעטנדיקע אידן. ארגאניזירנ־דיק די געזעלשאפט, טריומפירט די אידסעקציע, באווייזנדיק א נייעם וועג צו אסימילירן די ברייטע שיכטן פון די אידישע מאסן, און באזונדערס די יוגנט”. „זעענדיק די פארצווייפלטע לאגע פון די אידן, האט די ציאניסטישע ארגאניזאציע אנגענומען מיטלען אף אריבערצופירן די אידישע מאסן אין פ א ל ע ס ט י נ ע, אין דער אידישער מעלוכע”. „מיר... ווענדן זיך צו דער גאנצער אידישער יוגנט, היט אייך... איר קאנט ארייינפאלן אין די נעצן, וועלכע ווערן פאנאנדערגעשטעלט פאר אייך דורך די „זארגזאמע הענט פון דער יעווסעקציע”. ווייטער גייען פיר לאזונגען: „אראפ די יעווסעקציע, — דאס הייפל נידערטרעכטיקע פארעטער פונם פאלק”. „אראפ דעם „געזערד”, — דעם פוסטן קלאנג פאר די אי־דישע מאסן”. „די גאנצע יוגנט אין דער פארייניקטער אלרוסלענ־דישער ארגאניזאציע פון ציאניסטישער יוגנט”, „זאל לעבן דער פאליט־עקאנאמישער צענטר פון די אידן אין פאלעסטינע”.

מיר האבן פונם שמוציקן בלעטל געגעבן די וויכטיקסטע אויסצוגן, דער צימעס פונם בלעטל איז ניט קיין אייגנאשפט פון די קרעמענטשוגער זיידענע יונגעלייט. די צוויי לאזונגען, „אראפ דעם געזערד”! — „זאל לעבן פאלעסטינע”! זיינען אייגן דער גאנצער אלוועלטלעכער ציאניסטישער ארגאניזאציע. אומעטום קעמפן די ציאניסטן קעגן דער ערדאיינארדענונג פון די אידישע מאסן. מע זייט בילבולים און ליגנס (אין דעם זעלבן בלעטל דערציילט זיך, אז „דזשאינט” און „א ר ט” האבן געגעבן געלט ניט פאר ערדאיינארדענונג, נאר פאר פראפשולן, נאר די יעוו־סעקן האבן דאס געלט אוועקגעגעבן פאר די קאלאניסטן) וועגן

אַנטיסעמיטיזם, האַריגעס, פּאגראמען און סרייפעס אין די קאלאניעס א. א. וו. מע אַגיטירט קעגן זאמלען געלט, מע רייסט אראפּ פארזאמלונגען, מע קעמפט קעגן „געזוערד”.

אט דאס איז דער פּאנים פון ציאניזם.

עס פארשטייט זיך, מיט די פּאַרפאַסער פון דעם שמוציקן בלעטל דארף אונזער שמועס זיין אַ קורצער: אַ פּראַסק אין פּיסק! אבער פאר דער פארפירטער יוגנט, וואס גייט נאך דידאַזיקע נעפּמאַנישע בענאקלעך און סטודענטלעך, דארף מען אנווייזן אף די צענדליקער טויזנטער אַלטע און נייע אידישע פּויערים, אַף די נייע 6 טויזנט מישפּאכעס, וואס זיינען פאר דעם יאר אַריבערגעפירט אַף ערד-אַרבעט, וועלכע זיי באַאַרבעטן מיט זייער שווייס און בלוט; אַף די נייע 100 טויזנט דעסיאַטין ערד, וואָס זיינען דאס יאָר אויסגעטיילט געוואָרן, אַף די הונדערטער נייע אידישע דאָרף-ישואווים, אַף די וואַקסנדע אידישע דריי ראַיאָנען. און דאָסדאָזיקע פולע לעבן אַפן ברייטן גרינעם, זוניקן פעלד דאַרף מען אַנטקעגנשטעלן די וויסטע זאַמדיקע מידבאָריעס אין פּאַלעסטינע אינם בלוטיקן געראַנגל קעגן די אַראַבער אונטער דער אָנפירונג פון ענגליש-ציאָניסטישן זשאַנדאַרם.

און וואָס ברייטער ס'וועט וואַקסן אונזער פּראַקטישע אַרבעט פון דער ערדאייַנאָרדענונג, וואָס ברייטער די גרינע פעלדער, וואס לענגער ס'וועלן זיך ציען פון די שטעטלעך די רייען פון די, וואָס פארלאָזן דאָס שטעטל צוליבן פעלד — אַלץ מער וועלן די פאַרפירטע פאַרלאָזן זייערע נעפּמאָנישע ציאָניסטישע אָנפירער. און אַלץ מער וועלן צווישן די ציאָניסטן זיך שטאַרקן די רייד וועגן פּאַלעסטינע אַלס ד ע ר ג אַ נ צ ו נ ג צום ראַטנלאנד, אַלץ מער וועלן די ציאָניסטן אַליין געבן אין קאַרק אַזעלכע שנעקעס, ווי די פונם קרעמענטשוגער בלעטל, און אַלץ שנעלער וועלן דידאָזיקע וואַקלונגען ברענגען צום שענדלעכן סאָף פון די ציאָניסטן אין אַלע שאַטירונגען.

מיר האָבן דאָס פולע רעכט, מיר זייגען מעכויעוו צו דערציילן די אידישע מאַסן אַף אַלע פאָלקס-פאַרזאַמלונגען, אַז די ציאָניסטן קעמפן קעגן דער ערדאיינאָרדענונג פון די אידן אין ראַטנפארבאַנד.

מיר דאַרפן צונויפקלייבן אַלע זייערע בלעטלעך, פארשרייבן

זייערע אַרויסטרעטונגען און דאָס אַלץ דורכליייענען פאַר די אָפּ־
געגנאַרטע מאַסן, פאַרן קאָלאָניסט, פאַרן קוסטאַר, פאַרן אָרימאַן,
פאַרן אָרימען קרעמער, וועלכע ציען זיך מיט אַלע קרעפטן צו ערד־
אַרבעט, דאַרפן מיר באַווייזן דעם ציאָניזם, ווי ער איז — אַ
סוינע פון דער אידישער ערד־איינאָרדענונג, אַ סוינע פון די
האָרעפּאַשנע מאַסן.

יול—אווגוסט 1925 י.

## III

## דער XIV ציאָניסטן־קאָנגרעס

דער ציאָניסטישער קאָנגרעס וועט אונטערפירן אַ סאַכאַקל
פון די ציאָניסטישע אויפטועכצן.

אין גראָבע שטריכן באַקומט זיך אומגעפער אַזאַ בילד.

די רעאַקציע, וואָס האָט די לעצטע יאָרן אַרומגעכאַפּט
איין לאַנד נאָכן צווייטן און נעמט אָן אין פאַרשיידענע לענדער
די הײַסלעכסטע פאָרמען, די שרעק פון די קליינבירגערלעכע
שיכטן אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער פאַרן רויטן געשפענסט
פון דער אַרבעטער־רעוואָלוציע, — דאָס אַלץ האָט געגעבן דער
וועלט־בורזשואַזיע מיט אירע אויכפּיר־קאַפּיטעטן — די רעגירונגען —
די מעגלעכקייט איינצוהאַלטן אין די אָפּגעשוואַכטע הענט די קאָ־
מאַנדע איבער דער פאָלקס־ווירטשאַפט און איבער די פאָלקס־
מאַסן.

אין דער אידישער סוויווע האָט זיך די קאַפּיטאַליסטישע
פירערשאַפט און קליינבירגערלעכע רעאַקציע אויסגעדריקט אין
דעם, וואָס גרויסע און באַדייטנדע שיכטן פון אידישן קליינביר־
גערטום, א באַדייטנדער טייל פון דער גרויס־בורזשואַזיע און גאַר
א באַדייטנדער טייל פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ האָט זיך
איינגעשפּאַנט אין ציאָניסטישן וואָגן, וועלכער האָט אין ווערסאַל
באַקומען פון „גרויסע״ אימפּעריאַליסטן א נייעם דישל—דעם ענג־
לישן מאַנדאַט אף פאַלעסטינע. אז באַדייטנדע קליינבירגערלעכע
מאַסן האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין ציאָניסטישן וואָגן —
דאָס זעען מיר אין פוילן, אין ליטע, אין לאַטוויע, אין אַמעריקע —
דאָס איז פאַר די ציאָניסטן אַ געווינס. און פאַרגעקומען איז דאָס

אײַנשפּאַנען די קלײנבירגערלעכע מאַסן אינם ציאָניסטישן רייסוואָגן דערפאַר, ווײַל זײ האָבן דערזעען, אַז די בורזשואַזע ביוראָקראַטיע ראַטעוועט ניט די ברייטע מאַכן אין „גאָלעס". פאַר דער סאָוועטישער דעמאָקראַטיע ציטערט מען ווי אייגנטימער, און אַכוץ דעם, איז אין די ערשטע רעוואָלוציע-יאָרן פון דער סאָוועטן-מאַכט די לאַגע פון די מאַסן געווען אַ שווערע און האָט געקאָנט אָפּשרעקן דעם קלײנבירגער, וואָס גאַרט נאָך באַלדיקן טאַכלעס און פּאַרנאָסע.

די בורזשואַזע אינטעליגענץ איז געווען דער אויסדריקער פון די פאַרלאַנגען פון די שווערע אידישע קלײנבירגערלעכע מאַסן און האָט טיילווייז געקעמפט אונטער די ציאָניסטישע פאָנען פאַר פּאַלעסטינע אַלס אויסלייז-לאַנד. טיילווייז האָט זי באַנוצט די ציאָניסטישע פאָן אַלס זאַמלפּונקט פון די רעאַקציאָנערע קוי-כעס קעגן דער רעוואָלוציע, קעגן קאָמוניזם („פאָרווערטס").

אַ טייל פון דער אידישער בורזשואַזיע האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן ציאָניזם אַלס געצייג צו באַזאָטלען די מאַסן און באַקעמפן די רעוואָלוציע, און טיילווייז אַלס מיטל צו דעראָבערן אַ לאַנד— פּאַלעסטינע. די ענגלישע אידישע בורזשואַזיע האט גלייך גע-קעמפט פאַרביידע צילן. דערפאר זעען מיר די שטרעבונג פון דער בורזשואַזיע אַלץ מער צו פאַרפעסטיקן איר דיקטאַטור אין דער פּאַלעסטינע-אַרבעט, אַרויסשטופנדיק די העלדן פון די קלײנ-בירגערלעכע מאַסן — די אוסישקינס.

די ציאָניסטישע שיף איז געשוואומען מיטן ווינט פון דער וועלט-רעאַקציע און האָט אָפן וועג פאַרכאַפּט ברייטע קלײנביר-גערלעכע מאַסן צעשראָקענע פונם שטורם פון מילכאָמע און רעוואָ-לוציע.

אָבער פאר דעם זעלבן פּעריאָד צווישן צוויי קאָנגרעסן האָבן געפּלאַצט אַלע אילוזיעס און זייפנבלאָזן וועגן פּאַלעסטינע אַלס אידישע מעלוכע. פאַר אַלעמען איז שוין איצטער קלאָר, אַז פּאַלעסטינע וועט זיין: אַן ענגלישע קאָלאָניע, אָדער אַ פרייע אַראַבישע מעלוכע, קיין אידישע מעלוכע וועט פּאַלעסטינע קיינמאָל ניט זיין. אויב דער ציאָניסטישער קאָנגרעס וועט דאָך וועלן (און ער וועט עס געוויס וועלן) טרומייטערן וועגן פּאַלעסטינע אַלס אידישע מעלו-

כע, וועט עס זיין בלויז אַף צו נאַרן דעם אוילעם-גוילעם. די ציאָניסטן אַליין וועלן עס ניט נעמען ערנסט. אונזער באַציאונג צו פּאַלעסטינע, די באַציאונג פון די קאָמוניסטן איז אַ פּאָשעטע: פּאַלעסטינע דאַרף און וועט זיין אַ פרייע רעפּובליק פון אַראַבישן פאָלק, און מיר מוזן אָנעמען אַלע מיטלען איינצושטעלן נאָרמאַלע פריינטלעכע באַציאונגען צווישן דער אַראַבישער און אידישער באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע, אַזעלכע באַציאונגען, ווי עס זיינען איינגעשטעלט בא אונז אין סאָוועטן-ווייסרוסלאנד. ס'פאַרשטייט זיך, ניט אַזוי גרינג וועט זיך דאָס איינגעבן, אַזעלכע צווישן-נאַציאָנאַלע באַציאונגען קאָנען זיין נאָר אין אַ סאָוועטישער פּאַלעסטינע, פאַר דעם דאַרפן קעמפן אַלע קאָמוניסטן, אַלע אַרבעטער, פאַר דעם וועלן קעמפן די אַראַבישע און אידישע קאָמוניסטן אין פּאַלעסטינע.

אָבער איצט אין געגעבענעם מאָמענט, אין די טעג פון ציאָניסטישן קאָנגרעס, קאָן די פראַגע שטיין נאָר אַזוי, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן: אָדער א ענגלישע קאָלאָניע, אָדער א פרייע אַראַבישע מעלוכע, וועלכע וועט שאַפן א באָדן צו קעמפן פאַר ראַטנמאַכט און סאָוועטישע אַראַביש-אידישע באַציאונגען. די ציאָניסטישע רעאַקציע, וועלכע וועט אַפן קאָנגרעס טרומייטערן וועגן א אידישער מעלוכע אין פּאַלעסטינע, וועט באַוואוסטזיניק פויקן אינם ענגלישן פויק, דינען געטריי דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

צי וועלן זיך אַפן ציאָניסטישן קאָנגרעס געפינען ערלעכע מענטשן, וועלכע זאָלן זיין פּעאיק אָפּזאָגן זיך צו שפּילן א ראָלע פון קוליס און וויצמאַנס באַם ענגלישן אימפּעריאַליזם — דאָס וועלן מיר זען.

אין דערזעלבער צייט איז פאַרן ציאָניזם אויסגעוואַקסן א נייער געשפּענסט, א נייע ניט פאַרויסגעזעענע געפאַר. די ערד-איינאָרדענונג פון די אידישע מאַסן אין ראַטן-פאַרבאַנד. מע האָט געקאָנט פאַרשווייגן די גראַנדיעזע קולטור-אַרבעט אין פ. ס. ס. ר., זיך מאַכן ניט וויסנדיק וועגן דער אידישער שול, אידישן געריכט, אידישע ראַטן, וועגן דער גרויסער קולטור-אַרבעט, וועגן דעם אויפבוי פון די אַלטע אידישע קאָלאָניעס, וועגן קליין-קאָלאָניזאַציע — פּאַמעלעכדיקן אָנוואוקס פון לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלעק-

טיוון, וועגן די העכער הונדערט-טויזנט אידישע ערד-ארבעטער אין פ. ס. ס. ר.

מע האָט געקאנט פון אנהויב זייען אומצוטרוי צו די פלע-נער וועגן גרויסער קאלאניזאציע, וועגן גרויסער איבערוואנדע-רונג פון אידישע מאסן אף ערד.

אָבער — האַרטע פאקטן לערנען. פארן ערשטן יאר אריבערגעפירט, ריכטיקער דערוויל צוגעפירט צו ערד-ארבעט, 6000 מישפאכעס, 30000 מענטשן, אויס-געטיילט העכער 100,000 דעס. ערד, אנגעמערקט אפן קומענדיקן יאר 10,000 מישפאכעס; עס בילדן זיך אויס הונדערטער אידישע דערפער, פונם נעפל טיילן זיך שוין אויס קאָנטורן פון 3 — 4 אידישע לאנדווירטשאפטלעכע אדמיניסטראטיווע ראיאָנען; ס׳מערקן זיך אָן פאר דער נייער אי-בערוואנדערונג נייע גרויסע ערד-שטעטכן, וועלכע וועלן קאנען אויפנעמען א גרויסע אידישע באפעלקערונג.

דידאזיקע ארבעט, דידאזיקע פערספעקטיוון הויבן אָן צו באצויבערן א טייל פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ, וועלכע האט זיך די לעצטע יארן א קער געטאָן צום ציאניזם. די ארויס-טרעטונגען פון דאקטאר ראזען, בראון, ווארבורג און אנדערע אין אמעריקע וועגן דער קאלאניזאציע אין פ.ס.ס.ר. זיינען ענטוזיאסטיש, פול מיט באגייסטערונג. אין אמעריקע פרואווט מען זיך אויפלעבן דעם „פיפל-רעליעף" — די ארגאניזאציע פון „פאָרווערטס" כיידער, קעדיי צושאַרן זיך צו דער אַרבעט, וועלכע „דזשאָינט" וויל טאָן פאַר אונזער קאָלאָניזאַציע. דאָס דרייען זיך פון „פיפל-רעליעף" — דעם „פאָרווערטס-פליוגער", באַווייזט אַמבעסטן, אַז די שטימונגען פון די קליינבירגערלעכע מאַסן בייטן זיך, אַז דער ציאָניסטישער געשטאַנק הויבט אָן אויסוועפּן זיך, אַז אַף זיי הויבן אָן ווירקן די פרישע ווינטן פון סאָוועטן-לאַנד, אַז צו זיי דערטראָגן זיך די רייכעס פון די אידישע פעל-דער פון סאָוועטן-לאַנד.

אַפן ציאָניסטישן קאָנגרעס גופע וועלן זיך געפינען מענטשן, וועלכע וועלן קאָנען דערציילן, וואָס באַ אונז אַף די פעלדער טוט זיך, אַפילע אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון „געזערד" וועט דאָרטן אויך זיין.

איז ווי אַזוי וועט דער קאָנגרעס באַגעגענען דעם נייעם גייסט פון די אידישע פעלדער אין פ. ס. ס. ר.? ווי וועט ער זיך באַציען צו דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין פ. ס. ס. ר,? צי וועט ער זי איגנאָרירן, זיך מאַכן, אַז ער באַמערקט זי ניט? דאָס וועט זיך ניט איינגעבן. ס'וועט זיך איבערכאַזערן די געשיכטע מיט קינדערשן אויפטראג: ניט קלערן וועגן ווייסן בער! איר וועט אָבער מוזן קלערן!

קנעכט פונם ענגלישן אימפעריאַליזם אין דער ענגלישער פאלעסטינע-קאָלאָניע, אָדער פרייע פויערים אין פרייען אַרבעטער-פויערשן ראַטנפאַרבאַנד — איר וועט מוזן וועגן דעם קלערן, אַפילע ווען איר וועט פרואוון וועגן דעם שווייגן. די מאַסן וועלן אייך צווינגען.

איר וועט פרואוון ווייטער קלאַפן אין די טאַצן פון דער אידישער מעלוכע אין פאַלעסטינע. איר וועט וועלן פאַרבינדן די אידישע מאַסן מיט מאַכלויקעס וועגן ענגלישער אָדער פראַנצויזישער אָריענטאַציע פונם ציאָניזם; מיט מאַכלויקעס פון ווייצמאַנישער אָדער זשאַבאָטינסקישער אָנפירונג און טאַקטיק; איר וועט די קאָלאָניזאַציע-פראַגע אין פ.ס.ס.ר. פרואוון צעבייטן אַף קליינגעלט, אַף דינגען זיך: וויפל פון די 15 מיליאָן דאָלאַר, וואָס דער „דזשאָינט" קלייבט זיך זאַמלען, זאָלן אַריינפאַלן צו די ציאָניסטן אין קעשענע, אַף צושטעלן שטאַכעטן באַ מייער באַלאַנעס.

עס וועט אייך ניט העלפן! איר וועט באַווייזן, אַז פון אייך האָט זיך אָפגעטאָן יעדער שפור און סימען פון פאָלקס-לעבן און פאָלקס-אינטערעסן. די איינציק ריכטיקע שטעלונג אַפן קאָנגרעס דאַרף זיין: די אָנגעזאַמלטע קרעפטן, אינסטיטוטן, געלטער, פאָנדן און בענק פון דער ציאָניסטישער אָרגאַניזאַציע — צי זאָלן זיי אויך ווייטער אָנגעווענדעט ווערן אין דער ענגלישער פאַלעסטינע-קאָלאָניע, אָדער זאָלן די אַלע קרעפטן אַריבערגעפירט ווערן אַף צו באַפרוכפערן די ברייטע אידישע קאָלאָניזאַציע אין ראַטן-לאַנד?

צי וועלן זיך אפן קאנגרעס געפינען מענטשן, וועלכע זאלן זיין דרייסט אזוי צו שטעלן די פראגע? מיר צווייפלען אין דעם.

מיר אבער שטעלן פאר די ציאניסטישע מאסן די אויפגאבע צו פאדערן בא זייערע פירער איבערצוגעבן די אינסטיטוטן, פאנדן, קרעפטן, געלטער אף דער אידישער קאלאניזאציע אין פ. ס. ס. ר.

וואס פאר א גראנדיעזע ארבעט מע וואלט דא געקאנט אנטוויקלען בא באדייטנדע מיטלען.

אפן קאנגרעס וועלן אבער זיין מענטשן, וועלכע וועלן פרואוון פארנעמען א מיטל-פאזיציע: דאס און יענץ, דא און דארט — ביידע גוט, ביידע בעסער! אבער אויך זיי וועלן מיסטאמע קיין גרויסע ווירקונג ניט האבן. אפילע פאר זיי איז די ציאניסטישע רעאקציע נאך צו געדיכט, מע זאל זיי קאנען הערן — אין דעם וועלן זיי זיך איבערצייגן, און צום קומענדיקן קאנגרעס וועלן זיי שוין ניט קומען — דער ציאניזם וועט זיך בא זיי אויסוועפן.

צוויי הארבע פראגן וואלטן געשטאנען פארן ציאניסטישן קאנגרעס, ווען אף אים זאלן זיין לעבעדיקע מענטשן: פאלעסטינע אלס ענגלישע קאלאניע, אדער פאלעסטינע אלס פריי אראבישע מעלוכע מיט נארמאלע אראביש-אידישע באציאונגען.

אומפרוכטבארע פאר די אידישע מאסן אימפעריאליסטישע דעראבערונג פון פאלעסטינע (פאר די ענגלענדער), אדער — גרויסע קאלאניזיר-ארבעט אין פ.ס.ס.ר.

אווגוסט 1925 י.

## IV.

## דער קאמף אין אמעריקע ארום אונזער ערד-איינארדענונג.

ס'איז שוין געווארן א קלאל: ווען א מער אדער ווייניקער ערלעכער מענטש, וועלכער איז פעאיק זאכלעך צו באנעמען דאס

געזעענע, קומט אַריין פון קאַפּיטאַליסטישן אויסלאַנד צו אונז אין לאַנד, ווערן מיט רויך צעזייט די אַלע פאַרלוימדונגען און רעכי־לעסן פון דער בורזשואַזי-„סאָציאַליסטישער״ פּרעסע קעגן סאָ-וועטן-לאַנד.

דאָס האָט געטראָפן אויך מיט די אַמעריקאַנישע אידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע זיינען געוועזן בא אונז אין לאַנד און געזעען אונזער אַרבעט.

מיר האָבן געלייענט אין „עמעס״ *) א באריכט וועגן דעם אָפּשייד=אָוונט, וועלכן מע האָט אין מאָסקווע געמאַכט דעם אָפּ-פאָרנדיקן דירעקטאָר פון „אגראָ-דזשאינט״ דאָקטאָר ראָזען. זיין אייגענע באַציאונג צו דער ארבעט בא אונז האָט ד״ר ראָזען אויסגעדריקט אין געדאַנק, אז לויט זיין מיינונג דאַרף אין סאָוועטן-לאַנד די גאַנצע ארבעט פון ערדאיינאָרדענונג דורכגע-פירט ווערן דירעקט פון אָרטיקע קויכעס, דורך אָרטיקע געזעל-שאַפטן, און ניט דורך אויסלענדישע. אַצינד האָבן מיר שוין ראָזענס דערקלערונגען דירעקט אין אמעריקע. פון יעדן וואָרט זיינעם שפריצט מיט אַנטציקונג פון דער ארבעט און פּערספּעק=טיוון בא אונז אין ראַטן-לאַנד, און ער שטרייכט נאָך שאַרפער אונטער דעם געדאַנק, אַז די ארבעט אין ראַטן-לאַנד דאַרף גע=פירט ווערן דורך רוסלענדישע קויכעס, ווייל אין ראַטן-לאַנד זיינען פאַראַן גענוג קויכעס. אַביסל פריער פאַר דאָקטאָר ראָזען איז אַף א פאַרזאַמלונג פון אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע טוער געוועזן א באַריכט פון די אָנפירער פון „דזשאינט״—בראון און וואַרבורג. אויב ד״ר ראָזען האָט פאַר זיך א קאַטאָרגע-פאַרגאַנגענ=הייט אין צארישן רוסלאַנד, און דערפאַר האָט מען אים געקאָנט כוישעד זיין אין באַזונדערע סימפּאַטיעס צום סאָוועטן=רעזשים, איז וועגן בראַונען און וואַרבורגן קאָן וועגן אַזעלכע כשאָדים קיין רייד ניט זיין: בא זיי איז פאַראַן א ציאָניסטישע געגנ-וואַרט, מע פאָרט אפילע אין פּאַלעסטינע, און ד״ר וויצמאַן איז פאַר זיי אַן עמעסער פּרעזידענט.

איז אָבער ה׳ בראון א קורצע צייט געוועזן אין סאָוועטן=לאַנד און מיט די אייגענע אויגן אָנגעקוקט די נייע קאָלאָניעס.

*) „עמעס״ אווגוסט, 1925.

און אף א סאלידער פארזאמלונג טרעטן דידאָזיקע סאלידע מענטשן ארויס מיט פאָרטראגן וועגן דער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן-לאנד. זיי ברענגען פאקטן, ציפערן, דערציילן, וואָס זיי האָבן געזען. און זייער פאָרטראג מאכט א דערשיטערנדן רוישעם. די אָנוועזנדע ציאָניסטישע און סאָציאַליסטישע שווינדלער פרואוון אראָפּקלאפּן דעם איינדרוק, פארפלאָנטערן און פארדרייען: מע שטעלט קלאַץ-קאשעס וועגן אנטיסעמיטיזם, וועגן מעגלעכן פאלן פון דער ראטן-מאכט, וועגן די יעווסעקן, וואָס ווילן צונעמען דאָס געלט פאר זייערע ציִלן, פארוואָס ניט פאלעסטינע, נאָר סאָוועטן-רוסלאנד א. א. וו.

און שטעלט אייך פאָר, דידאָזיקע בורזשואזע געזעלשאפט-לעכע טוער לאָזן זיך ניט פארדרייען די קעפּ. זיי שרעקן זיך ניט אפילע פאר די יעווסעקן, זיי דערהארגענען אפילע די לעגענדע, אז די יעווסעקן ווילן צונעמען געלט און זיי לאָזן ניט ארבעטן.

דאָס איז א טויט-קלאפּ פאר די געלע סאָציאַליסטן און יוניאָן-פירער פון דער „פאָרווערטס"—קליקע, דאָס איז א קלאפּ פאר די ציאָניסטן; און דעם קלאפּ באקומען זיי פון אייגענע מענטשן. און דער קלאַפּ איז אזוי שטארק, און דער רעספּעקט פאר די רייכע פאָרטרעגער פון רייכן „דזשאינט" איז אזוי גרויס אז אפילע אין „פאָרווערטס" באווייזט זיך א נאָטיץ פאר דער אידישער קאָלאָניזאַציע, און די „פאָרווערטס"-לייט מיט די יוניאָן-טוער, מיט די פישער-פיינס נעמען זיך אויפלעבן דעם לאנג באגראָבענעם „פיפּלס רעליעף". אויב מע וועט שוין יאָ עפּעס טאָן פאר דער קאָלאָניזאַציע, אויב דער „דזשאינט" פאָלגט ניט די גוטע אייצעס פון די געלע „סאָציאַליסטן",—דארף מען ארומ-רינגלען דעם „דזשאינט", קעדיי ער זאָל ניט זיין צו פריי, מע דארף פרואוון ארויפלייגן די הענט אף די געלטער, וועלכע דער „דזשאינט" וועט זאמלען פאר קאָלאָניזאַציע.

א אינטערעסאנטע סיטואַציע באשאפט זיך אין אמעריקע. די „פרייהייט" דער ארגאן פון די אמעריקאנישע יעווסעקן, האלט אונטער און שטיצט די ארבעט פון „דזשאינט". מע דארף ניט פארגעסן, אז אין אמעריקע האָבן די אידישע ארבעטער געשאפן אן אייגענע אָרגאניזאַציע צו העלפן דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ראטנפארבאנד, דעם „איקאר", און דאָך זיינען די אמעריקא-

נישע יעווסעקן געגוג בריטהארציק און אביעקטיוו אף צו געבן א דירעקטע אונטערשטיצונג דעם רייכן „דושאינט" מיט די יאהודים, וועלכע רופן געוויינלעך ארויס ניט קיין גרויסע אנט-ציקונג בא די יעווסעקן. אין דאָס קומט פאַר דערפאר, ווייל די „פרייהייט" זעט דאָ א זאכלעכן צוגאנג. ווי באוואוסט, ארבעטן די „דושאינט"-טוער אין ראטנפארבאנד אויך האנט בא האנט מיט די יעווסעקן, און זיי קרעכצן ניט אין פילן ניט זיך באאוולט, —ווייל בא זאכלעכער ארבעט אן פאָליטיקעריי קאָן מען ארבעטן.

אנדערש איז מיט די אידעאָלאָגן פון קלייבירגערטום, מיט די ציאָניסטן, „סאָציאליסטן", און אנדערע אנטיילנעמער פון „פאָרווערטס"-כיידער. זיי האָבן די גאנצע צייט געפירט א העצע קעגן ראטן-לאנד, קעגן דער קאָלאָניזאציע, קעגן די קאמוניסטן-יעווסעקן: זיי האָבן געוואָלט ארונטעררייסן די גאנצע ארבעט. זיי האָבן באקעמפט דעם „איקאר", זיי האָבן געשטרעבט צו קאָמפ-ראָמעטירן דעם ד"ר ראָזען, זיי האָבן געוואָלט אראָפרייסן די ארבעט פון „דושאינט". ס'האָט ניט געהאָלפן: זיי האָבן פארלאָרן יעדע בארירונג מיטן ווירקלעכן לעבן, מיט די לעבנס-פראָצעסן אין די אידישע פאָלקס-מאסן. זייער האס צו דער רעוואָלוציע האָט זיי פארפירט צו וויט,—זיי זיינען געוואָרן אָפענע סאָנים פון די אידישע מאסן. און דאָס האָט זיך נויקעם געווען.

ווייל קאָן דען זיין א גרעסערע נעקאָמע פאר א דעמאָקראט און סאָציאליסט, אז יאהודים און בורזשואזע פילאנטראָפן האָבן אנגעטאַפּט דעם פולס פון לעבן, האָבן געפונען א וועג צו די מאסן און מוזן דעם וועג פארטיידיקן פון די „דעמאָקראטישע" „סאָציאליסטישע" אָנפאלן?

יאָ, פאר די „סאָציאליסטן" און „דעמאָקראטן"—קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן ווערט אלץ געפערלעכער דאָס פאָרן אין ראטנ-פארבאנד: מע קערט זיך אום פון דאנען אנדערש, איידער מע פאָרט אהער. די געלט פארלירן פריינט, דאָס ראטן-לאנד געווינט זיי.

ס'ווילט זיך מאכן א פארגלייך. מיט אייניקע יאָר צוריק האָבן מיר בא אונז געפירט די הילפס-ארבעט פאר געליטענע פון פאָגראָמען, אין „אידגעזקאָם" האָבן מיר געפרואווט ארבעטן מיט די ה"ח פישער-פיינס פון אמעריקע און מיט פאָרשטייער פון

טויטע „פארטייען" און אנד. האָט מען אָבער געוואָלט פּאָליטי־קאנעווען, מע האָט געוואָלט דעם „אידגעזקאָם" פארוואנדלען אין אן אָנשפּאר־פּונקט פאר קאָנטר־רעוואָלוציע, פּונקט אזוי, ווי אין די הונגער־יאָרן האָבן פּראָקאָפּאָוויטש, קוסקאָווע, קישקין געפּרואווט אויסנוצן דעם געזעלשאפטלעכן הונגער־קאמיטעט אלס שטיצפּונקט פאר דער קאנטר־רעוואָלוציע.

און פּונקט ווי ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן דעם „פּראקוקיש" (פּראָקאָפּאָוויטש־קוסקאָווא־קישקין), פּונקט אזוי האָט עס נאָך פריער געפּלאצט בא די פּישער־פּיינס, און קומענדיק קיין אמע־ריקע האבן זיי גענומען העצן קעגן די יעווסעקן, קעגן ראטנ־לאנד, און פון יענער צייט האט דער „פאָרווערטס" גענומען נויקעם זיין זיך אין דער רעוואָלוציע, און ער האָט עס דערפירט ביז... רעאבּיליטאציע פון געקעפּטע קעניגן, ביז אַפּאָפּעאָז פון אבראמאוויטשן און דעם „פּויליש־אידישן" אָפּמאך, ביזן קאמף קעגן דער אידישער קאָלאָניזאציע.

ס'האט זיך דאן איינגעגעבן דערפאר, ווייל אין אויסלאנד זיינען דאן נאך געווען שטארק די עלעמענטן פון צעפאלונג און צעשטערונג, און מיט דעם האט זיך באנוצט די אינטערנאציאנאלע בורזשואזיע און סאציאל־רעמאקראטישע קאנטר־רעוואלוציע. די גע־לע „ארבעטער־פירער" זיינען געווען צו שמאָלקעפּיק, ניט צו פאר־שטיין, אז נאָך דעם צעפאלונגס־פעריאד וועט קומען די אויפ־לעבונג, וועלן מיר שניידן די פרוכט פון אויפגעוואכטער מאסן־אקטיווקייט.

איצט איז אנדערש: אין קיין לאנד גייט איצט קיין אויפ־לעבונג און מיט אזא שנעלן טעמפּ, ווי בא אונז. און דערביי איז אונזער לאנד איינס צווישן די דריי לענדער, וועלכע וואקסן און אנטוויקלען זיך מיט אייגענע קרעפטן, אָן פרעמדע שטיצע: אמע־ריקע, ענגלאנד, ראטנפארבאנד.

און דערביי וואקסן מיר ניט נאָר אָן פרעמדער שטיצע, מיר קריכן ניט אריין אין אויסלענדישע כויוועס, נאר מיר זיינען גויוועך אלע אנפאלן פון דער אלוועלטלעכער קאנטר־רעוואלוציע.

דערפאר באצויבערט אזוי אונזער לאנד אלע מעראגלים, אלע געסט פון די בורזשואזע לענדער און דערפאר פילן די אר־בעטער־דעלעגאציעס, אז אונזער לאנד איז א מוטער־לאנד פון

אלע פּראָלעטאַריער פון גאַר דער וועלט. און דערפאַר ווערן באַצויבערט פון אונזער לאַנד אויך פאַרשטייער פון דער בורזשואַ-זער אינטעליגענץ, אַף וויפל זיי האָבן באַהאַלטן די פעאיקייט באַבאַכטן און זאַכלעך צו אורטיילן.

מיר ווערן שטאַרקער—די סאָנים שוואַכער.

1925 אויגוסט

## .V

## דעמאַסקירונג פון ציאָניסטישער פאָלקס-פיינט-שאַפט.

אין איינעם פון די נומערן „עמעס" פאַרן 1925-טן יאָר*) איז געבראַכט אַ בריוו פון אַ אַנגעזעענעם ציאָניסט, וואָס איז געדרוקט געווען אינם ציאָניסטישן זשורנאַל „ראַזסוועט" (רעדאַגירט פון זשאַבאָטינסקין). די רעדאַקציע פון זשאַבאָטינסקיס זשורנאַל האָט אָנערקענט, אַז האַגאַם ניט מיט אַלע אויספירן פון בריוו איז זי איינשטימיק, דאָך זיינען די שרעקן פונם אַוטאָר באַגרינדעטע.

מיט דעם איז עפנטלעך אנערקענט, אַז די ציאָניסטן ציטערן פאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ראַטנפאַרבאַנד, עס ווערט אָפיציעל באַשטעטיקט, אַז זיי זיינען דער ערד-איינאָרדענונג א דאַמסוינע. און ווער ס'איז אַ סוינע דער ערד-איינאָרדענונג, דער איז אַ סוינע פון דער אידישער אַרבעטנדיקער מאַסע.

דער בריוו אַליין איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אויב מע זאָל פון אים אַרויסוואַרפן די ספּעציפישע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע שטיק, ווי, לעמאָשל, אַז די גאַנצע איבערוואַנדערונגס-אַרבעט ווערט געטאָן בלויז צוליב אַגיטאַציע אף צו געווינען די סימפּאַ-טיעס פון דער אידישער בורזשואַזיע, — דאָס זיינען אַלץ שטוּ-סערייען. אָבער אין טאָך גענומען, גלויבט דער ציאָניסטישער אַוטאָר אין דעם, אַז די ערד-איינאָרדענונג אין סאָוועטן-לאַנד איז אַן ערנסטע זאַך און אַז די זאַך וועט זיך איינגעבן. ער פאַרשטייט שוין, אַז די קאָלאָניזאַציע איז פאַרבונדן ניט נאָר מיט קרים. ער זעט אויך כערסאָן. ער וועט מוזן דערזעען קריוואָי-ראָגער און זאַפּאָראָ-

*) זע „עמעס" 237, 16 אָקטיאַבר 1925.

זשער קאַנט, און געוויס אויך צאָפּן-קאַווקאַז. נאָך מער, ער גלויבט אַפילו אין דער מעגלעכקייט, אַז די ראַטן-מאַכט וועט שאַפן א אידישע רעפּובליק.

איז ווי באַציט זיך דער אָנגעזענער ציאָניסט צו אַזוינע מעגלעכקייטן? ביז אַהער זיינען מיר געוואוינט צו הערן פון די ציאָניסטן, אַז זיי גלויבן ניט אין דער מעגלעכקייט פון אַ ברייטער קאָלאָניזאַציע אין ראַטן-לאַנד, אַז זיי טרויען ניט דער ערנסטקייט פון דער ראַטן-רעגירונג. איצט הערן מיר, אַז מע גלויבט שוין יאָ אין דעם אַלעם. איז וואָס זאָגן די גלויבנדיקע ציאָניסטן? זיי פרייען זיך ניט צוזאַמען מיט די אידישע פאָלקס-מאַסן. זיי רופן ניט צו דידאָזיקע מאַסן אין זייער פּיינפולן וועג צו פּראָדוקטיווע אַרבעט און אַפילו צו א רעפּובליק. ניין! זיי ווערן דערציטערט, דערשראָקן און דערשטיקט פון קאָנקורענץ-געפילן. זיי פרעגן ניט: מיט וואָס קאָנען מיר העלפן די אידישע פאָלקס-מאַסן? נאָר זיי שרייען: מע דאַרף באַקעמפן די נייע געפאַר פאַר פּאַלעסטינע. איז דאָס ניט אַן אָפענע דערקלערונג פון קאַמף קעגן די בלוטיקסטע אינטערעסן פון די אידישע מאַסן!

פון דעם בריוו איז קלאָר, אַז די ציאָניסטן הויבן אָן צו פאַרשטיין, אַז ענגלאַנד האָט מיט זיי געשפּילט ווי א קאַץ מיט אַ מויז, אַז זיי זיינען געווען אַ בלינד געצייג אין די הענט פון ענגלאַנד.

און בא דעם אַלעם בלייבן זיי דאָך פאַרביסענע סאָנים פון דער ערד-איינאָרדענונג אין ראַטן-רוסלאַנד. פאַרוואָס? אין בריוו ווערט געזאָגט: „ניט לייזנדיק די אידישע פּראָבלעם, פאַרפינסטערט ער (דער פּראָיעקט פון קאָלאָניזאַציע אין ראַטנפאַרבאַנד) דעם פאָלקס-באַוואוסטזיין, ציט אָפּ קרעפטן, מיטלען, שטערט דער עמעסער לייזונג".

אָט אָף דעם פּונקט ווענדן מיר די אויפמערקזאַמקייט פון די אידישע מאַסן. דאָס איז די מיינונג פון אַלע ציאָניסטן, פון די אַלגעמיינע ביז די יעקאָפּיסטן, פון „ראַזסוועט" ביז „העכאָלוץ" און „פּראָלעטאַרסקאיא מיסל"... אַרום דעם דאַרף געפירט ווערן דער פּאָליטישער קאַמף. דאָ דאַרף אריינגעטראָגן ווערן דייטלעכקייט.

אַלזאָ, פאַרוואָס קאָן דער פּראָיעקט ניט לייזן די „אידישע

פּראָבלעם״? מיר באַשטייען אָט אַף וואָס: עס זיינען פאַראַן אַלע
פּאָליטישע מעגלעכקייטן פאַר אַ גרויסער קאָלאָניזאַציע פון אידי-
שע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד. דער פראָיעקט אַריבערצופירן ביז
הונדערט טויזנט פאַמיליעס אַף ערד-ארבעט איז אויספירבאַר. די
איבערוואַנדערונג אַף באַזונדערע ערד-מאַסיוון, די ניט געוועגנדי-
קע קאָנצענטראַציע פון דער איבערוואנדערונג קומט פאָר צייט-
ווייליק און איז אַ פויעל-יויצע סאַי פון דער ניט-צוגעגרייטקייט
פון די מאַסן, סאַי פון מאַנגל אין געלט-מיטלען. עס זיינען אין
איצטיקן מאָמענט פאַראַן אַלע מעגלעכקייטן צו שאַפן אין איין
אָרט אַ גרויסן מאַסיוו, וואָס וואָלט געקאָנט קאָנצענטרירן אין א
מעשעך פון 8-10 יאָר דעם גרעסטן טייל פון דער אָנגעוויזענער
צאָל איבערוואַנדערער אויב מיר זאָלן פינאַנציעל קאָנען די
זאַך באהערשן, פאַרפעסטיקן פאַר זיך פאַקטיש דעמדאָזיקן ערד-
מאַסיוו. מיר כאַזערן איבער: פּאָליטיש און יורידיש איז עס אלץ
מעגלעך, אָבער די פינאַנציעלע שוואַכקייט ברענגט צו דעם, אז
די אָנגעמערקטע מאַסיוון קאָנען צעטיילט ווערן.

אָבער מיר זיינען זיכער, אַז מיר וועלן מיט דער צייט זיין
אימשטאַנד צו לייזן ניט נאָר די איבערוואנדערונגס-פראַגע, נאָר
אויך די פראָבלעם פון גרעסערער קאָנצענטראציע. פון דער צווייי-
טער זייט אָנערקענט דער ציאָניסטישער אווטאָר די מעגלעכקייט
צו שאַפן א רעפּובליק. פּאָליטיש איז עס געוויס און באַשטימט
מעגלעך. און דאָך זאָגט מען: עס וועט ניט לייזן די „אידישע
פּראָבלעם״. און אין פּאַלעסטינע וועט זי געלייזט ווערן פאַר-
וואָס? שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אז דער פּאַלעסטינע-פּיאַן
איז אף זאַמד געבויט. קיינער פון די ציאָניסטן רעכנט דאָך ניט,
אַז פּאַלעסטינע וועט ארייננעמען אַלע אידן פון גאָר דער וועלט,
נאָר א טייל, און געוויס גאָר אַ קלייני‌נקן טייל. טאָ פאַרוואָס
וועט פּאַלעסטינע לייזן די „אידישע פּראָבלעם״ און דאָ וועט זי
ניט געלייזט ווערן? זאָל מען ניט פּרואוון אָפּאטערן זיך מיט
פּוסטע פראַזן און ריידערייען, זאָל מען האָבן פאַר די אויגן די
לעבעדיקע פּאָשעטע ארבעטנדיקע אידן — פאַרוואָס וועט פאַר
זיי אין ראטנפארבאנד ניט געלייזט די „אידישע פּראַבלעם״ און
פאַרוואָס אין דער ענגלישער אָדער אראבישער פּאַלעסטינע — יאָ?
עס איז געניג אזוי צו שטעלן די פראגע, אז אלע זאָלן

איינזעען, אז די ציאָניסטן קעמפן קעגן דער אידישער ערד-איינ-אָרדענונג דערפאַר, ווייל זיי זיינען פרעמד און פיינטלעך צו די פּאָלקס-מאַסן, ווייל די ציאָניסטן זיינען פאָרשטייער פון דער קעמפנדיקער בורזשואזיע, און דערפאַר מוזן זיי באקעמפן די אר-בעטנדיקע.

מיר כאזערן איבער: עס זיינען פאראַן אלע מעגלעכקייטן איינצואָרדענען אין ראטנפארבאנד אין די נאָענטסטע יאָרן די אָנ-געמערקטע הונדערט טויזנט פאַמיליעס.

די נאָרמע פון קאָנצענטראַציע הענגט אָפּ פון דער גרויס פון פאראנענע געלט-מיטלען און פונם טעמפּ פון דער איבערוואנ-דערונג. פון דעם הענגען אָפּ אויך אלע איבעריקע פּאָליטישע פּאָלגן פון א גרעסערער אָדער א קלענערער נאָרמע פון קאָנ-צענטראציע.

ווער עס וויל אינדערעמעסן העלפן שאַפן א געזונט אר-בעטס-לעבן פאַר די אידישע מאַסן, דער דארף אלץ טאָן, קעדיי אלע פאראנענע און מעגלעכע פינאנציעלע מיטלען זאָלן וואָס גי-כער באפרוכפערן די איבערוואנדערונגס-ארבעט.

די ציאָניסטן, וועלכע אנערקענען, אז דער קאלאניזאציע-פלאן אין ראטנפארבאנד קאָן פארווירקלעכט ווערן, וועלכע פאר-שטייען שוין די שפּיל, וואָס ענגלאנד האָט געפּירט מיט זיי, און דאָך באקעמפן זיי די איבערוואנדערונגס-ארבעט צוליב קאָנקו-רענץ-מאָטיוון — דידאָזיקע ציאָניסטן זיינען עמעסע סאָנים פון די ארבעטנדיקע אידישע מאַסן.

אָקטיאבר 1925

## VI

## אידישע „סאָציאַליסטן“ און אידישע ערדארבעט.

דער שיידים-טאַנץ, די רעכילעס-קאמפּאַניע אין דער אידי-שער, סאי ציאָניסטישער, סאַי סאָציאַליסטישער פרעסע אין אמע-ריקע האָט זיך די לעצטע צייט צעשפּילט ביזן העכסטן גראַד.

עס איז נישטוימעם צו ווערן, וואָס די העצע האָט זיך פאַר-שטאַרקט גראָדע אין פאַרבינדונג מיטן פאַרשטאַרקן די ארבעט פאַר אריבערפירן אידן אַף ערדארבעט.

איך שטרייך אונטער פארשטארקן, ווייל דיזעלבע ארבעט איז בא אונז געגאנגען די גאַנצע צייט. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז פאָריקן זומער האָט דער „אָרט" איינגעאָרדנט אין אָדעסער ראַיאָן אליין קימאט 700 נייע פאַמיליעס, אַז איבערן גאַנצן לאַנד זיינען געוואקסן די קאָלעקטיוון. מע וועט זיך דערמאָנען, אַז די גאַנצע צייט נאָכן „נעפּ" איז געגאַנגען אַן איינגעשפּאַרטע אַרבעט אַף אויפצושטעלן די קאָלאָניעס, אומקערן די קאָלאָניסטן, פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג פון די קאָלאָניעס מיט נייע אידישע מישפּאָכעס, קעדיי איינצוהאַלטן די ערד-פאָנדן. מע וועט זיך דערמאָנען, אַז נאָך פאַרן „נעפּ" האָבן מיר גערופן די אידישע באַפעלקערונג איבערגיין צו ערדאַרבעט, וואָרענענדיק, אַז איצט איז עס גאָר לייכט, ווייל דער ערד-הונגער איז ניט גענוג שטאַרק.

אלזאָ—אין לאַנד איז פארשטארקט געוואָרן די ארבעט אריבערצוגיין אף ערדארבעט. מיר ווילן דערמאָנען נאָך א זאַך: אין אונזערע ארויסטרעטונגען, אין אונזערע צייטונגען, אין אונזערע באַריירונגען מיט אַמעריקע און מיט אויסלאַנד ביכלאַל, האָבן מיר קיינמאָל ניט פאַנאַנדערגעבלאָזן די יעדיעס וועגן „קרימער רעפּובליק" א. א. וו.—דאָס האָט געטאָן די ציאָניסטישע אידישע טעלעגראַף-אַגענטור צוליב אירע צילן.

אונזער ווארט איז געזאָגט געווארן דאַן, ווען מיר האָבן געקאָנט באַשטימט זאָגן דער אידישער באַפעלקערונג, אז מע קאָן פארברייטערן דעם אַריבערגאַנג צו ערדאַרבעט, אז מע קאָן און מע דארף פאַרענדיקן מיטן קוסטאַרעווען אין דער זאַך, ווייל מע מוז עס שטעלן אַף א פעסטן יעסאָד, אַז מע דאַרף און ס'מוז ווערן אַן אויפגאַבע פון דער מעלוכע. באַם בילדן דעם „קאָמערד" האָבן מיר זיינע צילן שטרענג באַגרעניצט, אויסמיידנדיק יעדן שפּור פון גרויסע צוזאָגעכצן.

מיר האָבן געזאָגט, אַז ערד איז פאַראַן וויפל מע וועט דאַרפן, אַז די שוועריקייט באשטייט אין דעם, וואָס מיר ווילן ניט גלאַט ערד, נאָר מיר ווילן דורכויסיקע גרויסע ערדפאַסן, און גראַדע נאָענט צום אלטן אידישן ישעוו און וואוינאָרט. און אז די צווייטע שטערונג איז, וואָס די מעלוכע קאָן איצט קיין גרויסע געלט-מיטלען ניט געבן, און עס איז נויטיק צו ארגאַניזירן

געזעלשאפטלעכע זעלבסטעטיקייט דאָ אין לאַנד און אויך אין אויסלאַנד. און באַ אונז אין לאַנד האַלט זיך אין אויסבילדן אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרכאפט אלע לעבעדיקע געזעלשאַפטלעכע קרעפטן און עלעמענטן.

באַ אונז, דאָ אין לאַנד, איז באַ קיינעם קיין צווייפל ניטאָ, אַז די פּראָגראַם פון אריבערפירן אף ערדאַרבעט הונדערט טויזנט אידישע פאַמיליעס וועט דורכגעפירט ווערן, עמעס ניט אַף איין דורכויסיקן גרויסן ערד-פאַס, נאָר אַף עטלעכע: אוקראינע אין צוויי ראַיאָנאָן, קרים, ווייסרוסלאַנד, שווארציאמישער ברעג-לענג, צאָפן-קאַווקאַז א. א. וו. דער פּלאַן וועט פארווירקלעכט ווערן אָן זייטיקער הילף פון אויסלאַנד אויך.

עס וועט גיין פאַמעלעך, עס וועט זיך פאַרציען פיל יאָרן, די נייע פויערים וועלן זיין שלעכט איינגעאָרדנט. זיי וועט אויסקומען צו ליידן און לענגער צו הונגערן, לענגער צו ווארטן אף פרוכטן פון זייער ארבעט, אָבער — אַפילע אָן זייטיקער הילף — וועט דער איבערוואנדערונגס-פּלאן פארווירקלעכט און רעאליזירט ווערן.

די מעלוכע וועט געבן געלט אין דעם ערעך, ווי די לאַגע אין לאַנד וועט זיך פאַרבעסערן. די אידישע באַפעלקערונג אין פ. ס. ס. ר. וועט טאָן וואָס זי וועט קאָנען, די אידישע ארבעטער וועלן באווייזן, אַז זיי זיינען דערצויגן אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, און אין דעם ערעך, ווי עס פאַרבעסערט זיך זייער לאַגע, וועלן זיי מיטהעלפן שאַפן די לאַנדווירטשאפט פון אידישע האָרעפאַשניקעס.

ס'איז גאַנץ פארשטענדלעך, אַז וואס רעאלער עס איז געווארן דער ארבעטס-פּלאַן, דאָס אויפגעקאָכטער איז געווארן די די ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציע. די ציאָניסטישע אגענטור האָט געהאָדעוועט די אידישע „פּייפּערס" (צייטונגען) מיט סענסאַציעס וועגן קרימער רעפּובליק. אָבער ווען אנשטאט סענסאציעס האָט זיך באַוויזן א רעאלער ארבעטס-פּלאַן, האָבן די ציאָניסטישע מאַכער דערפילט, אַז דאָ שטייט אויף זייער מאלכאמאוועס. זיי פארשטייען, אז אונזער ארבעטס-פּלאן פארטרייבט זיי פון דער וועלט. און זיי זיינען גערעכט: זיי קאָנען און טאָרן ניט רוען, ווייל — באַ זיי וועט ניט בלייבן ניט זייער קאלאניאל-

באנק, ניט זייער „קערן האיעסאָד” און „קערן קאיעמעס” און אנדערע פאָנדן—דאָס אלץ וועלן די אידישע פאָלקס-מאַסן ארויסרייסן פון זייערע הענט און וועלן עס פארטאָן פאר דער ארבעט אף ערד-איינאָרדענונג בא אונז אין פ. ס. ס. ר.

דער קאמף פון די ציאָניסטן איז בארעכטיקט, פארשטייט זיך, בלויז פון שטאַנדפונקט פון די ציאָניסטישע רעדלפירער. די ציאָניסטישע מאסן, די מאסאָווע פאָשעטע שעקל-צאָלער, די אויפריכטיקע צווישן זיי — זיי וועלן זיך אָנכאַפּן אין דער ארבעט בא אונז מיט ביידע הענט. זאָלן זיי נאָר רערזעען די ערשטע פרוכטן פון אונזער ארבעט—וועט איר זעען מיט וואָסער גייסט די ציאָניסטישע מאסן וועלן צו אונז קומען, ווי זיי וועלן פארלאָזן זייערע גענעראלן אָן אַן ארמיי און אָן די קאַסעס.

מיט דערשטוינונג האָבן מיר זיך אָבער צוגעהערט צו די ידיעס וועגן דער וואונדערבארער באציאונג פון די אזוי גערופענע אידישע סאָציאליסטן צו דער ארבעט.

מיר האָבן זיך פון זייער זייט געריכט אף קאמף, אף דעם האָט איידעס געזאָגט די שנעלקייט, מיט וועלכער דער „סאָציאליסטישער” „פאָרווערטס” און סאָציאליסטישע צייטונגען האָבן זיך באדעקט מיט שווארצע פארב. ווען א צייטונג ווי דער „פאָרווערטס” באנוגנט זיך שוין ניט מיט באקעמפן די ראטן-מאכט און די רוסלענדישע רעוואלוציע, נאָר הויבט אָן צו באווייזן, אז יעדע רעוואלוציע איז אומגערעכט, אָנהויבנדיק פון דער פראנצויזישער, וואָס איז געוועזן אזוי אומגערעכט צו איר קעניגין און קעניג,—דאן איז פארשטענדלעך, וואס מע קאָן ווארטן פון אזא פרעסע.

פון דער צווייטער זייט, געדענקען מיר, אז ווען אונזער לאנד האָט זיך געקאָרטשעט פון הונגער אין 1921 יאָר, האָבן די שווארצמייעניקעס פראָטעסטירט קעגן דעם, וואס מע ארגאניזירט הילף פאר די הונגעריקע, זיי האָבן געטאַינעט, אז די הילף וועט פארשטארקן די ראטן-מאכט, ערשטנס, ווייל די הילף וועט ניט דערגיין צום הונגערנדיקן, און, צווייטנס, ווייל די הילף וועט געגעבן ווערן בא דער ראטן-מאכט און וועט אָפשוואכן די פארצווייפלונג פון די הונגערנדיקע.

מיר האָבן געוואוסט, אז דער בלינדער קאָנטער-רעוואלוציאָנערער האס פון די אידישע „סאָציאליסטן“ טרייבט זיי אינם לאַגער פון שווארצמייעניקעס, אָבער מיר האָבן דאָך געווארט—וואָס וועט זיין?

און מיר האָבן זיך דערווארט. די אידישע סאָציאליסטן אין אמעריקע דערקלערן, אז די אויפגאבע באַשטייט נית אין העלפן דער ארבעט פון אריבערפירן אף ערד ברייטע אידישע מאסן אין ראטנפארבאנד, ווייל דאָס געלט וועט נית דערגיין וואוהין מע דארף, ווייל דאָס וועט פארשטארקן די ראטן-מאכט און די קאָמוניסטן; די אויפגאבע באשטייט אין באקעמפן די עקאָנאמישע פּאָליטיק פון דער ראטן-מאכט, וועלכע אָרגאניזירט די קאָאָפּעראַציע, קאָאָפּערירט די ברייטע מאסן און שטופּט אזוי ארום ארויס דעם פּריוואטן קרעמער.

די אידישע סאָציאליסטן שטעלן די פראַגע שארף און דייטלעך: נית העלפן אריבערפירן דעם קרעמער צו ערד-ארבעט, נאָר באַקעמפן די קאָאָפּעראטיווע פּאָליטיק, וועלכע שטופּט ארויס דעם פּריוואטן קרעמער.

אזוי וועלן מיר עס פארשרייבן!

פעווראל 1925.

## ציאָניסטישע טרייבערייַען

### 1. בעשאַס אומגערעטעניש און שוועריקייטן

דער ציאָניסטישער פליגל פון דער אוקראַינישער פעטליו־ריאַדע האַלט זיך פעסט באַ זיין אויפגעוואַכטן אַקטיוויזם.

די פעטליוריאַדע אַליין קאָן זיך ניט רירן: זי איז דער־שטיקט ניט אַזוי דורך דער ג. פּ. או., ווי דורך דער נאַציאָנא־לער פּאָליטיק פון דער ראַטן־מאַכט. פאר די אויגן פונם אוקראַי־נישן פויערטום שטייט דער גורל פון זיינע ברידער אַף יענער זייט גרעניץ און זיין אייגענער: דאָרטן — די ערד בא די פריצים און דער פויער ליגט ניין איילן אין דער ערד. און דאָ — ליגן די פריצים אין דער ערד, און די ערד געהערט דעם פויער. און דער פויער זעט: פעטליורע איז מיט די פוילישע שלאַכטיטשן.

דער פויער פאַרגלייכט ווייטער: פעטליורעס קולטור־אַר־בעט — איבערגעפּאַרבטע שילדן, און דאָס איז גאָר. און דאָ: אוק־ראַינישע מעלוכישקייט, אוקראַינישע קולטור ארום און ארום. און דאָס האָט דערשטיקט די פעטליוריאַדע.

און די אומצופרידנהייט פונם פויערטום, אף וויפל זי איז פאַראַן, איז געווענדעט ניט קעגן דער ראַטן־מאַכט, נאָר קעגן איינצלנע דערשיינונגען, און פריער פאַר אַלץ קעגן דעם קלוי־מערשט גרויסן שטייער.

דעריבער רוקן די אויסלענדישע דראַטציער אַרויס אַפן ערשטן פלאַן דעם ציאָניסטישן טייל פון דער פעטליוריאַדע.

אין דער צייט, ווען די רוסיש־אוקראַינישע קאָנטער־רעוואָ־לוציע איז אויסגעקערט פון לאַנד מיט אַן אייזערנעם בעזים, האָט

זיך דער אידישער בורזשואַזער קאָנטר-רעוואָלוציע איינגעגעבן
קימאַט אינגאַנצן בלייבן אומבארירט. די ראַטן-מאכט האָט זיך גע-
רעכנט מיט די אויפגערעגטע געפילן פון אַ גערוידעפּט פאָלק,
וואָס איז געוואוינט אַלץ, וואָס עס גייט פון דער מעלוכע-מאַכט,
צו באַטראַכטן, ווי אַ נאַציאָנאַלע רעדיפע. די ראטן-מאכט האָט ניט
געוואָלט געבן דעם קלענסטן אויסרייד אַף אויסצוטייטשן דעם
קאַמף פון בירגער-קריג אַלס נאַציאָנאַלן קאַמף. און פון דער
גאַנצער אַקטיווער פּאָליטיש-אָרגאניזירטער בורזשואַזיע איז די
אידישע בורזשואַזיע געבליבן די אומבאַשעדיקטסטע. מער פון אַלע-
מען אומבאַשעדיקט און אומבארירט איז געבליבן דער ציאָניסטי-
שער פליגל אירער.

פאר די אלע יאָרן האָבן אַלע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע ריכ-
טונגען געפּרוּווט אויפשטעלן אַ פאַרצווייגטע אָרגאניזאציע און
פלעגן דורכפאַלן: אַלע האָבן געוואוסט, אז מע האָט צו טאָן מיט
קאָנטר-רעוואָלוציע, — און אזוי איז מען זיך מיט זיי באַגאַנגען.
אַנדערש מיטן ציאָניזם: דעם מאסן-כאראקטער האָט ער שוין לאַנג
פאַרלאָרן, אָבער ער האָט איינגעהאַלטן די פאַרצווייגטע אָרגאני-
זאַציע. די ציאָניסטן פלעגן אַרויסרוקן אַפן ערשטן פּלאַן דעם קאָ-
שערן פאלעסטינישן מאָמענט, פלעגן אַפּעלירן צו דער נאציאָנאַ-
לער פּאָליטיק פון דער ראטן-מאכט, — און אלעמען פירן באַ דער
נאָז. ס'איז אַ פאַקט: די ציאָניסטישע פאַרטיי איז אין ראטנפאַר-
באנד אָפיציעל ניט דערקלערט פאר פאַרווערט, פאר קאָנטר-רע-
וואָלוציאָנער, און אין פארשיידענע ערטער איז די באַציאונג צו
איר גאַנץ פארשיידן. ערטערווייז פלעגן זיי באקומען א גרויסע
ווירקונג אף דער אָרטיקער מאכט, — א קלייניקייט, א פאַרפאָלגט
פאָלק! און אפילע נאָכן אָפּמאך זשאבאָטינסקי-פּעטליורע, נאָך דער
אויפירונג בעשאס מאיסע-קערזאָן, אפילע דאַן האָט זיך זייער
לאַגע גיט אסאך פאַרערגערט. ס'פארשטייט זיך, מע האָט זיך אָנ-
געהויבן ערנסטער צו זיי באציען, ס'פלעגן פאָרקומען אַרעסטן,
אָבער דאָך, — מיט כעסעד, גאָר ניט ענלעך צו דער באציאונג צו
אנדערע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן.

און דאָס האָט געגעבן די ציונים די מעגלעכקייט פון יאָר
צו יאָר אַלץ מער אויסבויען און פאַרצווייגן זייער אָרגאניזאציע

און פארבינדונגען, פּערספּעקטיוון דעם קאָנטאַקט מיט דער אויס־לענדישער בורזשואַזיע און אָפּוואַרטן א גינסטיקן מאָמענט.

און זיי דוכט זיך, אז אזא מאָמענט איז געקומען. גראָד־איצט נויטיקן זיך די לאַנדאָנער און פּאריזער באנקירן — די ראָט־שילדס, סאַמועלס, האָרנס, מאנטעפיאָרעס און אז. וו. אין גוטע אומאָרדענונגען אין ראטנפארבאנד. די וואלן אין ענגלאנד וואָלטן געגעבן א ניצאָכן די קאָנסערוואטאָרן און ליבעראלן מיט די ציאָ־ניסטישע לאָרדן און באנקירן, און דאָס אנערקענען פון פראנק־רייך וואָלט אזוי גוט געקאָנט אראָפּגעריסן ווערן, ווען ס׳זאָל זיין א גוטער אויפשטאנד אין ראטנפארבאנד. היינט, ווען מע זאָל נאָך קאָנען באווייזן אידישע פּאַרפאָלגונגען — דאַן וואָלט שוין גאָר גוט געווען.

און אנשטאט דעם קאָמפּראָמעטירטן פּעטליורע טרעט ארויס דער אידישער ציאָניזם.

אז אינם איבערגאנגס-פּעריאָד, ווען דער מעלוכישער און קאָאָפּעראטיווער האנדל און פּראָדוקציע האָט ניצכוינעס, נאָר איז נאָך ווייט פון זיג, אז אין דעם איבערגאנגס-פּעריאָד וועט אויסקומען שטארק צו ליידן די ארויסגעשטויסענע עלעמענטן — די־קרעמער און האנטווערקער — דאָס איז פארשטענדלעך.

באם אָנהויב קאפּיטאליזם, ווען די גרויסע פאבריק האָט אָנגעהויבן ארויסצושטויסן דעם האנטווערקער, אין אלגעמיין דעם האנט-ארבעטער מיט זיין פּרימיטיוון שטוב-ווארשטאט, איז דאָס דאַן ניט געווען א קאטאסטראָפע פאר די ארויסגעשטויסענע מאסן?

פּונקט אזוי איז פארשטענדלעך, אז דאָס, וואָס עס קומט איצט פאָר, ווערט אויך פון די ארויסגעשטויסענע מאסן באנומען, ווי א קאטאסטראָפע, און פאר זיי איז עס טאקע א קאטאס־טראָפע.

אָבער אין דערעמעסן ליידן די מאסן נאָר צוליב דעם, וואָס די אנטוויקלונג גייט ניט גענוג שנעל, וואָס זי פארציט זיך; ווען ניט דער האלב-הונגער אין 1920 יאָר, דער שרעקלעכער הונגער אין 1921 יאָר, די טיילווייזע אומגערעטעניש אין 1924 יאָר, וואָלט די אנטוויקלונג געגאנגען פיל שנעלער; סאַי די לאנדווירטשאפט, סאַי די אינדוסטריע וואָלטן פארנומען פיל-פיל, אויב ניט אלע ארבעטס-הענט; ווארשטאטן, וואו עס זיינען געווען אידישע אר־

בעטער, וואָלטן זיך ניט פארמאכט, נאָר וואָלטן געוואקסן; דאַן וואָלט דער קרעמער, וועלכער ווערט ארויסגעשטויסן דורך דער קאָאָפּעראציע, די אונטערגעוואקסענע יוגנט, דער האנטווערקער און קוסטאר — זיי אלע וואָלטן באקומען ארבעט. די מעלוכע וואָלט ניט געווען געצוואונגען צו קירצן אין שולן, אין שפּיטאָלן, אין דאָקטוירים און אז. וו.

אָבער די אומגערעטעניש האָט פארהאלטן דעם טעמפּ פון אונזער אויפבוי, און די מאסן פילן דאס אף זייער פּלייצע, אף זייערע קינדער. און די ציונים, ווי טרייע דינער פונם קאפּיטאל, מיינען, אז עס קומט די צייט, ווען דער הונגער וועט ווארגן און טרייבן די אָרימע אידישע מאסן צו אקטיווער קאָנטער-רעוואָלוציע.

אין דער גרעסטער פארצווייפלונג ווארפט זיי אריין דאָס, וואָס די ראטן-מאכט ווארט ניט אף דער אנטוויקלונג פון די געשעענישן, און זי זוכט וועגן צו העלפן אין דער שווערער לאגע. א טויט-קלאפּ פאר די ציוינים איז די ארבעט פון אריבערפירן די ארבעטנדיקע אידישע מאסן צו ערד-ארבעט. זיי זעען, אז אין איין כוידעש קומען אין ראטנפארבאנד צו מער אידישע ערד-ארבעטער, איידער אין פּאלעסטינע פאר לאנגע יאָרן. זיי ווייסן, אז ווען די ארבעט וועט זיך אנטוויקלען און פארפעסטיקן, וועט עס פאר זיי, פאר די ציונים, זיין א טויט-אורטייל. און זיי פּרואוון קעמפן קעגן דעם, זיי קאָמפּראָמעטירן די ארבעט אין די אויגן פון די מאסן. אָט אזוי וואקסט די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע אקטיווקייט פון דער ציאָניסטישער אָרגאניזאציע. פון פארזאמלונגען גייט מען אריבער צו פּראָקלאמאציעס, פון פּראָקלאמאציעס צו גאסן-ארויסטרעטונגען... און מע איילט זיך ניט פארשפּעטיקן, מע זאָל כאָלילע ניט קומען נאָך די ענגלישע וואלן און פראנקרייכס אנערקענונג.

די ציאָניסטן שפּילן מיט פייער. קיין ארבעטער און האָרעפּאשנע מאסן וועלן נאָך זיי ניט גיין. זיי וועלן נאָר מיטציען א טייל שטודירנדיקע יוגנט פון נעפּמאנישע הייזער. דער ראטן-מאכט וועט עס ניט שאָטן, און זיי וועט עס פארשאטן.

די ראַטן-מאכט וועט טאָן איר ארבעט אריבערצופירן די אידישע מאסן אף ערד-ארבעט. קאָלעקטיוון און קאָלאָניעס וועלן וואקסן און זיך מערן, און גאָר אינגיכן וועלן די ציאָניסטן אף אלע פארזאמלונגען הערן א צורוף: אוואנטיוריסטן, גיט אָפּ דאָס געלט,

וואָס איר האט אויסגענארט בא די מאסן, גיט אָפּ דעם קאָלאָניאַל-באנק, דעם נאציאָנאַל-פאָנד, דעם קערן-האיעסאָד אף דער אידי־שער קאָלאָניזאציע אין ראטנפארבאנד.

ס׳מוז אויפהערן א גלייכגילטיקע באציאונג צו די ציאָניס-טישע טרייבערייען. ס׳מוז איינגעשטעלט ווערן צו זיי אן איינ-הייטלעכע באציאונג, ווי צו קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן.

די קאָמוניסטן, די ארבעטער מוזן זיך מער פארינטע ...רן מיט די ציאָניסטישע טרייבערייען. מיר דערמאָנען, אז אין זיין רעדע אף דער בעראטונג פון די דאָרפישע פארטיי-קעמע... עך, האָט כ׳ סטאלין אָנגעוויזן, אז די מאיסע גרויזיע איז גראדע אין די ערטער, וואו עס זיינען געווען פארהעלטניסמעסיק מער קאָ-מוניסטן — גראד דאָרטן איז די מענשעוויסטישע ארויסטרעטונג געקומען אומגעריכט. מע טאָר ניט פארשלאָפן — מע דארף זיין אף דער וואך!

אָקטיאַבר 1924

## II. ווען ס׳איז אויס אומגערעטעניש

די טריקעניש פון 1924 יאָר האָט אונז אָנגעזאָגט אַ שווער יאָר. פאַר דער צייט פון רעוואָלוציע האָבן מיר אייגנטלעך געהאט איין יאָר מיט אַ מיטלמעסיקער געראטעניש — דאָס יאָר 1922. מיר האָבן ערשט אָנגעהויבן פאָטער צו ווערן פונם שרעקלעכן הונ-גער פון 1921 יאָר, די פעלדער האָבן אָנגעהויבן אויפלעבן, עס האָט אויפגעלעבט דער עקספאָרט פון ברויט אין אויסלאַנד, אָנ-געהויבן פאָטער צו ווערן פון דער „שער", די פרייזן אַף ברויט האָבן זיך געהויבן, ס׳איז געוואַקסן די קויף-פעאיקייט פון פויער, ס׳איז געוואַקסן די פּראָדוקציע, דעריקער די טעקסטיל-אינדוסטריע. מע האָט דורכגעפירט די געלט-רעפאָרם. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ נייעם פלאַן צו פאַרברייטערן די פּראָדוקציע, די פאַבריקאַציע. מיר האָבן גערעכנט אַרויספירן מער ווי צוויי הונדערט מיליאָן פוד ברויט, מיר האָבן זיך געגרייט צו העכערן דעם אַרבעטס-לוין — ברייטע פערספעקטיוון האָבן זיך פאַר אונז געעפנט.

ווי אַ שרעקלעכער געשפענסט, ווי אַ דערמאָנונג פון 1921 יאָר, האָט זיך אף אונז אָנגערוקט די אומגערעטעניש פון פאָריקן

יאָר. שווער איז געווען זיך אָפּצוזאָגן פון אַרויספירן ברויט, נאָך שווערער איז געווען צו באשליסן אַריינפירן פון אויסלאַנד ברויט.

שווער געווען צו באַשליסן: פאַרברייטערן די אינדוסטריע אָדער פאַרקערט — פאַרקלענערן? מע האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון העכערן דעם אַרבעטס-לוין, — צי וועט מען קאָנען איינהאַלטן דעם עקזיסטירנדן לוין, צי וועט מען ניט מוזן פאַרקלענערן?

צי וועט מען קאָנען ראַטעווען די באַפעלקערונג אין די געטראָפענע געגנטן און ניט נאָר זי אַליין ראַטעווען, נאָר אויך די ווירטשאַפטן? נויטיק איז געווען צוגרייטן ברויט, — צי וועט אָבער דאָס ברויט ניט אַזוי שטייגן אין פרייז, אַז די אַרבעטער און רויטאַרמייער וועלן הונגערן. און דאָס פעסטע געלט וועט זיך הוידן, ווי אַ פּאַפּירל אין אַ ווינט? ווי וועט זיין די שטימונג פון די מאַסן — צי וועלן זיי זיך ניט לאָזן איינשמועסן פון די באַלע-גופים און באַלעגופישע פּאַרטייען? ווי וועט דאָס קאַפּיטאַליסטישע אויסלאַנד רעאַגירן אַף אונזער אומגליק?

דידאָזיקע און פיל אַנדערע זאָרגן האָבן ווי אַ שווערע מאַסע געדריקט אַף אונז, אָנגעשטרענגט אונזערע נערוון, אונזער גאַנץ לעבן.

ווי שוואַרצע ראָבן האָבן געקראַקעט די רעאַקציאָנערן אין די „דעמאָקראַטישע“ פאַרלאַמענטן, ווי בלוטדורשטיקע שאַקאַלן האָבן געוואָיעט די ווייסגוואַרדייער, די אויסלענדישע עמיגראַציע. די פּראָוו-אויפשטאַנדן אין גרוזיע, די באַנדיטן-אַטאַקע פונם פּוי-לישן גרעניץ, די שאַרפע ליניע פון ענגלישן קאָנסערוואַטיוון קאַ-בינעט — ס'האָט גערופן צו וואַכזאַמקייט, צו ענערגיע. דער ווינטער האָט אויך קיין גוטע אויסזיכטן ניט געגעבן — דער ווינטער האָט אויך געדראָט מיט אַ ניי שווער יאָר. און צוזאַמען מיטן ווינטער האָט „געררייזט“ איבער אייראָפּע טשעמבערלען, פלעכטנדיק אַ שטריק אַף צו דערוואַרגן דעם פאַרהאַסטן ראַטנפאַרבאַנד.

באַ דידאָזיקע באַדינגונגען האָט זיך די ראַטן-מאַכט באַוויזן אין איר פולער פראַכט און גלאַנץ אַלס מאַסן-מאַכט, אַלס פאָלקס-מאַכט.

ניט פאַרלוירן דעם מוט, ניט אָראָפּגעלאָזט די הענט, און ניט געשטיצט זיך בלויז אַפן שאַרף פון שווערד. די גרעסטע זעלבס-

טעטיקייט פון דער באַפעלקערונג און די גרעסטע הילף מיצאַד דער רעגירונג.

מע קאָן ניט פאַרגרעסערן דעם אַרבעטס-לוין, אָבער מע טאָר ניט דערלאָזן זיין פאַרקלענערונג. אַזוי איז עס געווען. מע דאַרף ניט דערלאָזן קיין לויפעניש און פּאַניק פון דער הונגערי-קער באַפעלקערונג, הילף דאַרף געבראַכט ווערן שנעל און גענוג אַף צו עסן, אַף צו פאַרזייען די פעלדער און אַף צו פאַרברייטערן די פאַרזייטע פעלדער. דאָס איז געטאָן געוואָרן. איינגעהאַלטן דעם פאַרזייאונגס-שעטאַך, פאַרזייט ווינטער און פרילינג.

ניט דערלאָזן צו הונגער אין שטאָט, די גרעסטע ברויט-פאַרגרייטונג. אָבער קיין ספּעקולאַציע מיט ברויט, צאָלן דעם פּוי-ער טייערער פאַר ברויט ווי פאַראיאָרן, אָבער א גערעכטן פּרייז ניט אָפּשטעלן זיך פאַר אַריינפירן ברויט, נאָר דעם פּרייז איינהאַלטן.

ניט באַנוגענען זיך מיט הילף די געליטענע, נאָר באַקעמפן די באַדינגונגען, וואָס ברענגען צו אומגערעטענישן, וואַרפן קרעפטן אַף באַוואַסערונג, אַף מעליאָראַציע, אַף קאַמף קעגן דעם זאַמד, וואָס פאַרפליצט די פעלדער, אַוועקשטעלן ברייט געזעל-שאַפטלעכע אַרבעטן, וועלכע זאָלן בייטן די גאַנצע ווירטשאַפט-לעכע סיסטעם אין די געליטענע ערטער—דאָס אַלץ איז געווען.

איינהאַלטן די פעסטע געלט, פאַרברייטערן די אינדוסטריע, די לייכטע און די שווערע, פאַרזעצן די עלעקטריפיקאַציע — דאָס אַלץ איז דערגרייכט. איינהאַלטן אַף דער געהעריקער הויך די פעסטע און זיכערע שפּראַך פון דער רויטער דיפּלאָמאַטיע, האַלטן פעסט די רויטע אַרמיי, ניט אָפּשטעלן דעם וואוקס פון יאַם-און פון לופט-פלאָט—דאָס אַלץ איז דערגרייכט.

איינהאַלטן דעם בונד צווישן אַרבעטער און פּויערים, פאַר-פעסטיקן אים און פאַרטיפערן, ניט דערלאָזן צום וואוקס פון פּאָ-ליטישן באַנדיטיזם, דעם וואוקס פון קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע בא-וועגונגען. האַלטן אין צוים דעם וואַקסנדיקן נעפּמאַן און באַלעגוף,— דאָס אַלץ איז דערגרייכט. ניט געקוקט אַף דער גרויס פון דער אומגערעטעניש, איז ניט געווען קיין וואוקס פון פּאָליטישן באַנ-דיטיזם אין אַ באַדייטנדער מאָס, דער קאָנטר-רעוואָלוציע האָט זיך ניט איינגעגעבן אויסצונוצן די אומגערעטעניש, ווייל די גאַנ-

צע הילף-ארבעט איז ערפאָלגרייך דורכגעפירט און אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער רעגירונג מיט די אַרבעטנדע מאַסן צוזאַמען.

די קאָנטער-רעוואָלוציע האָט פארשפּילט די שפּיל, די מענ-שעוויקעס און עסערן האָבן נאָך אמאָל אָפּגענאַרט זייערע טשעמ-בערלען-באַלעבאַטים.

אָבער די געליטענע ערטער האָבן דאָך געליטן, און דידאָזיקע ליידן האָבן דאָך אויסגענוצט אונזערע סאָנים — די קאָנטער-רעוואָ-לוציאָנערן.

אזוי איז אין די אידישע געגנטן דאָס לעצטע יאָר, בעסער געזאָגט דאָס לעצטע האלביאָר, אויסגעוואַקסן די ציאָניסטישע טרייבעריי.

שטארק געליטן האָבן אזעלכע גובערניעס, ווי וואָלינער, פּאָדאָליער, טיילווייז קיעווער און אז. וו. א שטארקע אָרימקייט הערשט דאָרטן; פּאָדאליער און וואָלינער גוב. זיינען שטארק דע-פּיציטנע. ס׳זיינען פאראן גאנצע קרייזן, וועלכע הונגערן גאנץ געשמאַק: די הילף איז טאַקע געווען גרויס, אָבער אויסשעפּן די גויט פון אומגערעטעניש האָט די הילף דאָך ניט געקאָנט.

און די אידישע באפעלקערונג אין דידאָזיקע פריערשע גו-בערניעס וואוינט אין די שטעטלעך—106 שטעטלעך אין פּאָדאָליע-גובערניע אליין, מער ווי זיבעציק שטעטלעך אין וואָלין און אז. וו. הונגערט דאָס דאָרף, הונגערט אויך דאָס שטעטל. צוויי שכיינעסדיקע צימערן מיט אָפענע טירן: איז אין איינעם קאַלט, פרירט מען אויך אין צווייטן.

איז אָט מיט דער לאַגע, וועלכע שטאַמט פון דער אומגערעטעניש, האָט זיך באַנוצט די ציאָניס-טישע באַנדע אין דער העצע קעגן דער ראַטן-מאַכט. יעדע אומגאַרמאַלקייט און אוולע, וועלכע שטאַמען פון דער אומגערעטעניש, האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין סאַם קעגן דער ראַטן-רעגירונג. מע האָט ניט נאָר אליין זיך אָרגאַניזירט, מע האָט געלערנט די פּעטליוראַוועס און פּוילישע ווייסגוואַרדייער ווי זיך צו אָרגאַניזירן. מע האָט געזייט סינע צו דער ראַטן-מאַכט, יעדער בלעטל פון די „ס. ס.״ „יוגנט ס. ס.״, פון די פאַרשיידנסטע ציאָ-ניסטישע גרופּן איז אָנגעזאַפּט מיט גיפט, מיטן וואַרטן אַפן קאַפּי-טאַליסטישן דערלייזער.

אָבער ס׳קומט א וויסטער סאף צו די ציאניסטישע קאנטער־רעוואלוציע.

מיר ליקווידירן די אומגערעטעניש בעסער. ווי מיר האבן גערעכנט, אלץ איינגעהאלטן, גארניט פארלארן, מיר קאנען פאר־לייכטערן די לאגע פון די ארבעטנדע, פארקלענערן די שטייערן, שארפער דורכפירן דעם קלאסן־פרינציפ, אפזאגן זיך פון אדמיני־סטראטיווע קאמפס־מיטלען אין דער עקאנאמיק און דעריקער־דער פרילינג איז אונזערער, די אויסזיכטן אף א גערעטעניש זיי־נען גוטע, אפעטעמען וועלן די געליטענע גובערניעס, ברויט וועט זיין צו זאט. זאט וועט זיין דער פויער אין דארף, זאט די אידישע ארבעטנדע באפעלקערונג אין שטעטל. צוזאמען געליטן, צוזאמען דורכגעהאלטן. באביידע יאנטעוו.

אט דער יאנטעוו פון פרילינג־זון, דער רייעך פון פרישן ברויט וועט פארטרייבן די נאכט־שאטנס פון אלע קאנטער־רעוואלו־ציאנערע באנדעס, צווישן זיי אויך די ציאניסטישע שטשורעס, די ציאניסטישע קרענק, וואס אלע שטאמען זיי צוזאמען מיט טיפוס פון הונגער. וואויל איז די, וואס האבן אין דער שלעכטער צייט ניט געלאזט זיך פארכאפן פון די ציאניסטישע קרענק און דורכ־געהאלטן מיט דער ראטן־מאכט.

גייט אוועק די אומגערעטעניש—גייען מיט איר אוועק אלע אירע פעלד־מאזיקים, פירט זי מיט זיך אוועק אויך די ציאניסטן אין די קווארים.

מאי 1925 י.

# אינהאלט